# BEZ MASKI

**Zbiór artykułów o podżegaczach wojennych przetłumaczone i zebrane przez I. Egita**

**Redaktor: L. OLICKI**

**Okładkę projektował: I. REJZMAN**

**Ilustracje: B. W. LINKE**

זאמלונג פֿון ארטיקלען איבערגעזעצט
און צוזאמענגעשטעלט פֿון י. עגיט

רעדאַקטאָר: ל. אָ ל י צ ק י

*Printed in Poland*

Wydawnictwo „Idisz Buch" Warszawa 1952 r.

Nakład 5.500 egz. Ark. druk. 7,5 Ark. wydawn. 6 Papier dziełowy V kl. 61x86 cm. 70 g
Druk ukończono w czerwcu 1952 r.
Druk. „Nowe Życie" Warszawa ul Tarczyńska 8 3-B-50567

## די אינספּיראַטאָרן פון דער אַגרעסיע

די פּריוואַט-ליבנדיקע פעלקער זענען דורכויס אַנטשלאָסן צו פאַר-טיידיקן דעם שלום. מיט צאָרן דערמאָנען זיי די נעמען פון די יעניקע, וועלכע ווילן אָנצינדן אַ נייע וועלט-מלחמה. אין אַנגעזען אָרט אין דער רשימה פון די מלחמה-אונטערצינדער פאַרנעמען די גרויסע מאַגנאַטן פון אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָל-קאַפּיטאַל — דעם צוממיינסטן רויבערישן און מערדערלעכן קאַפּיטאַל אויף דער וועלט.

פון צווישן די אַכט ענג פאַרבונדענע פינאַנס-גרופּן, וואָס שפּילן אַ דעציזיווע ראָל אין דער עקאָנאָמיק און פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן, רוקט זיך אַרויס אויפן ערשטן אָרט די מאָרגאַן-גרופּע.

ווער זענען עס די מאָרגאַנס? ווער שטייט בראש פון דער דאָזיקער גרופּע? ווער טראָגט די פּערזענלעכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די דורך איר באַגאַנגענע פאַרברעכנס? דאָס זענען קודם-כל די זין און יורשים פון דעם פאַרשטאָרבענעם, אין יאָר 1943, דזשאָן פּורפּאָנט מאָרגאַן — דזשו-ניאָר, ספּענסער און הערי מאָרגאַן, זייערע שותּפים, די באַנקירן האַראָלד סטעלו און דזשאָרדזש וויטני, ווי אויך די צוממיינסטן איינפלוסרייכע דיר-עקטאָרן און פּרעזידענטן פון די מאָרגאַנישע קאָרפּאָראַציעס — טאָמאַס לאַמאָנט, וואָלטער היפּאָרד און מאַיראָן טעילאָר.

די לאַפּעס פון דער מאָרגאַן-גרופּע זענען ברייט פאַנאַנדערגעשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד. די דאָזיקע גרופּע קאָנטראָלירט אוממיטלבאַר 13 גרוי-סע אינדוסטריעלע געזעלשאַפטן, צווישן זיי די ברייט-באַקאַנטע שטאָל-טרעסט — „יונייטעד סטייטס סטיל קאָרפּאָריישאָן”, דעם עלעקטראָטעכנישן טרעסט — „דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני”, און 12 אַנדערע געזעל-שאַפטן, וועלכע פאַראייניקן די אונטערנעמונגען פאַר קאָמונאַלער באַדי-נונג. אין די הענט פון דער דאָזיקער גרופּע געפינען זיך אויך 11 אייזנ-באַן מאַגיסטראַלעס. דעם יסוד פון די מאָרגאַנס מעכטיקייט שטעלן מיט זיך פאַר די בענק — „נעשענעל סיטי-בענק אָף ניו-יאָרק”, „בענקערס טרעסט” און אַנדערע, וועלכע דערגייען צו דער אַלגעמיינער צאָל פון העכער 50.

נעמענדיק אין אכט די אלגעמיינע סומעס פונעם קאפיטאל, וואס ווערט קאנטראלירט דורך דער מארגאן־גרופע, קאן מען זאגן, אז די דאזיקע גרופע האלט אין אירע הענט א פערטל טייל פון די קאפיטאלן פון אלע אמעריקאנער אינדוסטריע און באנק־געזעלשאפטן.

אבער די מארגאנס שפילן די ערשטע פידל נישט נאר אין עקאנאמישן לעבן פון אמעריקע. אין דער בורזשואזער מלוכה געפינט זיך די פאליטיק פולשטענדיק אין די הענט פון די גרויס־קאפיטאליסטן. דער בייַשפיל פון די מארגאנס באשטעטיקט אן איבעריק מאל דעם דאזיקן צושטאנד: פון די אכט לעצטע אמעריקאנער פרעזידענטן, זענען דריי — טעאדאר רוזוועלט, בודרא ווילסאן און הערבערט הואווער — דירעקט פראטעזשירט געוועזן דורך דער מארגאן־גרופע. א דירעקטע פארבינדונג מיט די מארגאנס האט אויך דער היינטיקער פרעזידענט הארי טרומאן.

דאס אמעריקאנער פאלק רופט די מארגאן-בענק די „באוואפענונגס-בענק”. די געשיכטע פון די מארגאנס איז די געשיכטע פון פארברעכנס, רויב און מלחמה. יעדער דאלאר, מיט וועלכן די מארגאנס פארגרעסערן זייער פארמעגן, איז באשפריצט מיט בלוט.

די ערשטע רווחים פון פארקויפן געווער האט באקומען דזש. פ. מארגאן דער עלטערער, מיט 100 יאר צוריק, נאך בעת דעם בירגער־קריג אין צפון־אמעריקע. אין די יארן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דזש. פ. מארגאן דער יונגערער געוועזן דער הויפט־קרעדיטאר פון די ענגלישע און פראנצויזישע רעגירונגען.

אין פעריאד צווישן דער ערשטער און צווייטער וועלט־מלחמה איז ביי דער אקטיווער מיטהילף פון די רעגירנדיקע אמעריקאנער קרייזן אויסגעוואקסן דער קריגס-פאטענציאל פונעם דייטשישן מיליטאריזם. ס'האבן זיך באוואפנט די היטלעריסטישע אגרעסארן. א גרויסע ראל אין דער דאזיקער שווארצער ארבעט האט געשפילט דער אזוי־גערופענער דייווים-פלאן. די איניציאטארן און די נשמה פון דאזיקן פלאן איז ווידער געווען די מארגאן־גרופע. דורך די הענט פון די מארגאנס זענען א סך הונדערטער מיליאנען אמעריקאנער דאלארן אינוועסטירט געווארן אין דייטשלאנד. די מארגאן־גרופע האט אנגעזאמלט אומגעהויערע רווחים פון דער היטלערישער אגרעסיע — דורך אירע קאנטראלירטע פירמעס אין דייטשלאנד האט זי צוגעשטעלט פאר די היטלערישע מערדער א באדייטנדיקן טייל קריגס־אפאראטן און פארבינדונגס־מיטלען.

די פארגאנגענע מלחמה האט געבראכט די מארגאנס און זייערע שותפים מיליארדן־רווחים. זיי זענען רייך געווארן פון די מיטלען, וואס זיי

האָבן צוגעשטעלט פאַר דער באַוואָפענונג, פון די מלוכה־סובסידיעס און דורך קויפן פאַר גאָר קליינע פרייזן פּילצאָליקע אונטערנעמונגען, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן דורך דער מלוכה אויפן חשבון פון די שטייער־צאָלער. פאַר די מלחמה־יאָרן האָבן די רווחים פון די מאָרגאַן־קאָנצערנען דרייפאַכיק איבערגעשטיגן די רווחים פונעם לעצטן פינפיאָר. די רווחים פון אַ גאַנצער ריי מאָרגאַן־געזעלשאַפטן, זענען געוואַקסן 50—100־פאַכיק.

די מלחמה איז נאָך נישט פאַרענדיקט געווען, און שוין האָבן די מאָרגאַנס אויפסניי אָנגעהויבן אַ פיבערהאַפטן באַוואָפענונגס־געיעג און אַן אַקטיווע צוגרייטונג צו נייע מלחמה־אַוואַנטורעס.

די מלחמה־היסטעריע, וועלכע נעמט היינט אָן אין די פאַראייניקטע שטאַטן ביז היינט נאָך נישט געזעענע פאָרמען, דער אַגרעסיווער אויסערן־פּאָליטיק־קורס, וואָס ווערט געפירט דורך דער אַמעריקאַנער רעגירונג — דאָס אַלץ אַנטשפּרעכט פולשטענדיק די גיריקע אינטערעסן פון די מאָרגאַנס. די פאַרטרויונגס־מענטשן פון דער מאָרגאַן־גרופּע פאַרנעמען אָנגעזעענע אַמטן אין דער היינטיקער רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער לייטער פון סטייטס־דעפּאַרטאַמענט אַטשעסאָן האָט פון יאָר 1921 אָן געאַרבעט אין דער אַדוואָקאַטן־פירמע „קאָווינגטאָן באַרלינג ענד ראַבלו“, וועלכע באַדינט די גרויסע מאַגנאַטן, ווי די ראָקפעלערס, דיופּאָנדס און, פאַרשטענדלעך, די מאָרגאַנס. זיין מלוכה־קאַריערע האָט אַטשעסאָן אָנגעהויבן אין יאָר 1933 ווי אַ פאַרטרעטער פונעם פינאַנס־מיניסטער בודין — אַ קרעאַטור פון די מאָרגאַנס.

אומִמיטלבאַר פאַרבונדן מיט דער מאָרגאַן־גרופּע זענען: דער אינדוסטריעלער סטיוואַרט סאַימינגטאָן, וועלכער שטייט בראש פונעם אַמט פאַר רעזערוון פון נאַציאָנאַלער זיכערקייט, דזשאָן פאָרסטער דאַלעס און אַ ריי אַנדערע פּערזאָנען, וועלכע פירן אָן מיט דער אויסערן־ און אינערן־פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

אָנפירנדיק מיט דעם אַמעריקאַנער מלוכה־אַפּאַראַט, נוצט אויס די מאָרגאַן־גרופּע פולשטענדיק באַקוועם די קינסטלעך־געשאַפענע מלחמה־קאָניונקטור. אַזוי האָבן די רווחים פון דער געזעלשאַפט „יונייטעד סטייטס סטיל קאָרפּאָרייש“ דערגרייכט אין צווייטן קוואַרטל פונעם יאָר 1950 69,8 מיליאָן דאָלאַר קעגן 44,1 מיליאָן דאָלאַר פאַרן זעלבן פּעריאָד אין 1949 יאָר. דער ריינער ריווח פון „דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני“, וועלכע האָט גרויסע מלוכהשע באַשטעלונגען אין שייכות מיט דער פּראָדוקציע פון אַטאָם־געווער, איז פאַרגרעסערט געוואָרן פון 26,7 מיליאָן דאָלאַר אין ערשטן קוואַרטל 1949 יאָר ביז 36,8 מיליאָן דאָלאַר אין זעלבן קוואַרטל אין יאָר 1950.

עס וואַקסן די „אַטאָם־רווחים” פֿון די מאָרגאַנס. באַרוך, ליליענטאַל און די גאַנצע גרופּע מיטגלידער פֿון דעם אַזויגערופֿענעם אינדוסטריעלן קאָנסולטאַטיוון קאָמיטעט פֿאַר די אַטאָם-ענינים זענען פֿאַרבונדן מיט די מאָרגאַנס און „דזשענעראַל עלעקטריק”. זיי שטעלן זיך עס אַנטקעגן מיט אַלע כוחות צו פֿאַרבאָטן דאָס אַטאָם־געווער דורך דער אָרגאַניזאַציע פֿון די פֿאַראייניקטע נאַציעס.

אין דירעקטער פֿאַרבינדונג מיט די רויבערישע פּלענער פֿון די מאָרגאַנס שטייט די באַרבאַרישע אַגרעסיע פֿונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם אין קאָרעע. דער מאָרגאַנישער „נייִשענעל סיטי בענק אָף ניו־יאָרק” האָט נאָך אין יאָר 1945 פֿאַרכאַפּט אין זײַנע הענט די „נייַע קאָרעישע געזעלשאַפֿט”, וועלכע האָט באַקומען די מאָנאָפּאָל־רעכט צו עקספּלאָאַטירן די נאַטור-אוצרות פֿון דרום־קאָרעע. אָבער די מאָרגאַנס איז דאָס נאָך געווען ווייניק, זיי האָבן אויך געוואָלט ביי צפֿון־קאָרעע צונעמען די רייכטימער. צווישן די, וואָס האָבן די ערשטע אָנגעצונדן די מלחמה־שׂרפֿה אין קאָרעע, איז געווען דער אַמאָליקער פּאַרטנער פֿון די מאָרגאַנס — דזשאָן פֿאָסטער דאַלעס.

די מאָרגאַן-גרופּע איז אויך דירעקט פֿאַרמישט אין דער אַמעריקאַנער אַגרעסיע קעגן דער כינעזישער פֿאָלקס־רעפּובליק און קעגן וויעטנאַם, אין דעם בלוטיקן טעראָר קעגן די פֿעלקער פֿון די פֿיליפּינען, בירמע און מאַלאַיען. אין יעדן פֿון די דאָזיקע לענדער האָבן די מאָרגאַנס זייערע פֿינאַנס־אינטערעסן און זיי קאַרגן נישט קיין קוילן און באָמבעס, כדי צו באַשיצן די דאָזיקע אינטערעסן.

פֿאַנאַנדערבלאָזנדיק אַ נייַע מלחמה, באַמיען זיך די קאַפּיטאַל־מאַגנאַטן צו פֿאַרבלייבן אין שאָטן. אויפֿן ערשטן אָרט רוקן זיי אַרויס די פּרעזידענטן און מיניסטאָרן, אָדער תּלינים־גענעראַלן, לויטן שניט פֿון מאַקאַרטור. אָבער די פֿעלקער איז באַוווּסט דאָס אמתע פּרצוף פֿון די מאָנאָפּאָליסטן־מיליאַרדערן, די מאָרגאַנס עט קאָמפּ., די ערגסטע שׂונאים פֿון דער מענטשהייט און די פֿאַרביסענע מלחמה-אונטערצינדער.

מ. גיעווסקי

## דזשאָן פאָסטער דאַלעס — דער אַדוואָקאַט פון פאַשיזם

אין די ערשטע רייען פון די ווילדע מלחמה־אונטערצינדער שטייט טרומאַנס און אַטשעסאָנס ראַטגעבער — דזשאָן פאָסטער דאַלעס, איינער פון די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן פון דער אַמעריקאַנער אַגרעסיע אין קאָרעע, דער פאַרטרויונגס-מאַן פון די וואָל־סטריט־מאַגנאַטן, וועלכע שטרעבן צו הערשן איבער דער וועלט.

דאַלעס, דאָס איז אַן אונטערצינדער מיט אַ גרויסן סטאַזש. אַלע אונטערנעמונגען פון דעם דאָזיקן פאַרביסענעם אימפּעריאַליסטישן רויבער גייען אין דער ריכטונג פון פאַרשטאַרקן די כוחות פון דער אינטערנאַציאָנאַלער רעאַקציע, פון צעפלאַקערן מלחמות קעגן די פרייהייטס־ליבנדיקע פעלקער.

אין די צוואַנציקער יאָרן איז ד. פ. דאַלעס געווען אַ סטאַבילער גאַסט אין בערלין. דורך דער פאַרמיטלונג פון שאַכטן האָט ער געפירט אונטערהאַנדלונגען וועגן ענגער פאַרבינדן די פעדעם צווישן די אַמעריקאַנער און דייטשישע מאָנאָפּאָלן. וואָל-סטריט האָט נישט געזשאַלעוועט קיין דאָלאַרן פאַרן ווידערגעבורט פון דער דייטשישער מלחמה־אינדוסטריע, מיטן ציל, אַז מע זאָל דאָס אויסגעשמידטע וואָפן אין רויט-געביט קאָנען שיקן אויף מזרח. ד. פ. דאַלעסעס ברודער — אַלאַן דאַלעס — איז אַ דירעקטאָר פון דער ניו־יאָרקער אַנגלאָ־אַמעריקאַנישער באַנק־פיליע פון שרעדערן, איינע פון די הויפּט-קאַנאַלן, דורך וועלכע די אַמעריקאַנער דאָלאַרן זענען געפלאָסן אין די היטלערישע פאַרטיי־קאַסעס. די אָנפירערישע ראָל פון דער ניו-יאָרקער פיליע פון דער שרעדער־באַנק האָט אָפּגעשפּילט ד. פ. דאַלעסעס יורידישע פירמע „סילוויאַן ענד גראָנוועל".

אין די פאַרמלחמהדיקע יאָרן איז דאַלעס — דער אַדוואָקאַט פון פאַשיזם, אַרויסגעטראָטן ווי אַ פאַרברענטער אָנהענגער פונעם היטלעריסטישן דייטשלאַנד. אַפילו דאַן, ווען די פאַשיסטן, אונטערשטיצט דורך די רעגירנדיקע קרייזן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ענגלאַנד, פראַנקרייך — האָבן פאַרנומען טשעכאָסלאָוואַקיע, איז דאַלעס אַרויסגעטראָטן אין אַפּריל

1939 מיט א רעדע, אין וועלכער ער האָט פעסטגעשטעלט די „שלום"־כוונות פון די פאַשיסטישע מלוכות.

אין יאָר 1940 איז דאַלעס געווען אַן אַקטיווער אַנטיילנעמער ביים אַנטשטיין פון דער פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין די פאַראייניקטע שטאַטן „אַמעריקע פאַר אַלעמען", אויף וועלכער ריבענטראָפּ האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען, און וועלכע איז געלויבט געוואָרן דורך געבעלסעס ראַדיאָ־פּראָפּאַגאַנדע.

אַלבערט קאַהן שרייבט אין זיין נישט לאַנג צוריק דערשינענעם בוך: „פאַראַט פונעם פאַטערלאַנד", „אַלע נייטיקע דאָקומענטן צום רעגיסט־רירן די ניו־יאָרקער אָפּטיילונג פונעם קאָמיטעט „אַמעריקע פאַר אַלעמען" זענען פאָרמעל לעגאַליזירט געוואָרן אין יורידישן ביוראָ „סילוויאַן ענד גראָנוועל". אין די אַקטן פונעם קאָמיטעט פיגורירט ד. פּ. דאַלעס און זיין פרוי אין דער רשימה פון די הויפּטבאַשטייערערס". ד. פּ. דאַלעס האָט ווייטער פינאַנסיעל געשטיצט די דאָזיקע פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע — אַפילו אין דער צייט, ווען די היטלעריסטן האָבן פאַרכאַפּט פראַנקרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, פּוילן, און אַנדערע אייראָפּעישע לענדער און זיך גע־רוקט אין דער ריכטונג פון מאָסקווע.

דאַלעס איז געווען פּילסודסקיס אַ פריינד. אין יאָר 1927 איז ער געווען אַ קאָנסולטאַנט פון פּילסודסקיס רעגירונג ביי דער גרופּע זאַך־קענער פון מאָרגאַנען און ראָקפעלער. די פּיטשטשאַפט פון דאַלעסן צום פּוילישן פּאָלק איז בולט געקומען צום אויסדרוק אין דער צווייטער וועלט־מלחמה. ער און זיין יורידישע פירמע „סילוויאַן ענד גראָנוועל" האָבן זיך אונטער־גענומען צו פירן די פינאַנסיעלע ענינים פון דער לאָנדאָנער עמיגראַציע־„רעגירונג".

לסוף דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז ווען פראַנקאָ האָט אין יאָר 1939 פאַרלאַנגט מע זאָל אים איבערוויזן דאָס שפּאַנישע גאָלד, וואָס די רעפּוב־ליקאַנער האָבן באַהאַלטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט נישט קיין אַנדערער, ווי דאַלעס, זיך אונטערגענומען דורכצופירן די דאָזיקע טראַנ־זאַקציע. דער באַקאַנטער דייטשישער פּובליציסט אַלבערט נאָרדען האָט אין דער צייטונג „די נאַציאָן" געשריבן וועגן דאַלעסן: „ס'איז נישט געווען קיין אײן מיאוסער, רעאַקציאָנערער ענין, וואָס זאָל נישט געפינען אין דאַ־לעסן אַ קאָמפּעטענטן אַדוואָקאַט און פינאַנסיסט".

מיט אַ שלעכט באַהאַלטענער שנאה און אָנמעכטיקער פאַרביטנקייט באַציט זיך דאַלעס צו דער באַפרייונג פון די פעלקער, וואָס זענען תמיד געווען אונטערדריקט און פאַרשקלאַפט דורך דעם אימפּעריאַליזם: פּוילן,

טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן און אַנדערע דעמאָקראַטישע פעלקער. אין מאַי 1948 איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ ברייטן פּראָגראַם וועגן אַריינשיקן אין די דאָזיקע לענדער שפּיאָנען און דיווערסאַנטן, שאַפן דאָרטן טעראָריסטישע באַנדעס און אָרגאַניזירן אַנטי־דעמאָקראַטישע פאַרשווערונגען. אָבער דער אַנטוויקלונגס־פּראָגראַם פון דער שפּיאָנאַזש־ און דיווערסיע־טעטיקייט, באַקאַנט אַלס דער פּלאַן „איקס", איז באַלד דורך די דעמאָקראַטישע פעלקער דעמאַסקירט געוואָרן.

דאַלעס, דאָס איז איינער פון די דירעקטע איניציאַטאָרן פון דעם „קאַלטן קריג" און „מאַטאַלער דיפּלאָמאַטיע", די פּאָליטיק פון די אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן. דער מיניסטער אַנדריי ווישינסקי, אין זיין רעדע אין דער „אונאָ" דעם 18־טן סעפּטעמבער 1947, וועלכער דעמאַסקירט די העסלעכע מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע, וואָס ווערט געפירט אין די פּאַראייניקטע שטאַטן, דערמאָנט דאַלעסן צווישן די צוממיינסטן פאַרביסענע מלחמה־אונטערצינדער.

אין דעם בוך „שלום אָדער מלחמה", וואָס דאַלעס האָט אַרויסגעגעבן אין מערץ 1950, שרייבט ער מיט אויפרעגונג וועגן דער ליבע פון די מערב־אייראָפּעישע פעלקער צו אומאָפּהענגיקייט, וואָס ער האַלט עס פאַר אַ „לוקסוס". ער האַלט די מערב־אייראָפּעישע מלוכות פאַר אַן אונטערנעמונג, פאַר אַ פאַרטפּעל מיט אַקציעס, וואָס געפינען זיך אין די הענט פון די אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָליסטן. אויף דעם זשאַרגאָן, מיט וועלכן ער באַדינט זיך אין זיין אַדוואָקאַטן־קאַנצעלאַריע „סילוויאַן ענד גראַנוועל", שרייבט ער וועגן די פּאַראייניקטע שטאַטן ווי וועגן אַ באַנקיר „וואָס לייגט אַריין געלט אויפצובויען אַ הויז פאַר הכנסה" — מערב־אייראָפּע. און ווער עס גיט געלט, דער שטעלט פאָדערונגען. אַזוי זעט אויס די נישט קאָמפּליצירטע מאָראַל, וועלכע עס פּראָפּאַגירט דער געשעפטס־מאַן אין זיין בוך. אַרויסזאָגנדיק זיך פאַר שאַפן אַ „פּאַראייניקט" אייראָפּע, שרייבט דאַלעס אָפן, אַז דער צענטער דאַרף זיין מערב-דייטשלאַנד מיט דעם פּאָטענציאַל פון דער ווידערגעבוידענער מלחמה־אינדוסטריע. „איר קאָנט נישט איינראַמען דאָס בילד, כל־זמן איר האָט נישט די ראַם", שרייבט דאַלעס.

דאַלעס איז איינער פון די קעמפערישע אַמעריקאַנישע אַטאָם־פּאָליטיקער. ער טרעט אַרויס קעגן דעם פאַרבאָט צו באַנוצן די אַטאָם־באָמבע, פּאַרטייידיקט דעם אַזוי־גערופענעם „באַרוך־פּלאַן", וועלכער איז איינגעשטעלט אויף איבערצוגעבן די אַמעריקאַנישע מאָנאָפּאָלן די קאָנטראָל איבער דער פּראָדוקציע פון דער אַטאָם־ענערגיע אויף דער גאַנצער וועלט.

די פּראָדוקציע פון דער ווילדער אַטאָם־וואָפן ברענגט אַריין אַ סך ריווח דעם הייפל אַמעריקאַנישע מאָנאָפּאָליסטן (צווישן זיי אויך דאַלעסן), וועל־כע זענען געוווינט צו שעפּן רווחים פון דעם בלוט און פון די ליידן פון די פעלקער. ס׳איז דער העכסטער גראַד פון אומפאַרשעמטקייט, וואָס דער פאַנאַטישער אָנהענגער פון אונטערדריקונג און מלחמה מאַכט גלייכצייטיק דעם אָנשטעל פון אַ הייליקן, טרעט אַרויס אויף פאַרשידענע פאַר־זאַמלונגען אין די קירכן און פּרעדיקט ליבע צו די מענטשן.

דער נאָמען דאַלעס איז ענג פאַרבונדן מיט דער אַמעריקאַנישער אַג־רעסיע אין קאָרעע. זיינע הענט זענען פאַרבלוטיקט מיטן בלוט פון קאָ־רעישן פאָלק. אויפן סמך פון דאָקומענטן איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, מיט וואָס ס׳האָט זיך פאַרנומען דער דאָזיקער אינטריגאַנט. אַ פּאָר טעג פאַרן אָנפאַל פון די ליסינמאַנער אויף צפון־קאָרעע איז ער געקומען אַהין, נישט אויף צו רייסן בלומען און באַרוישן זיך מיטן בלויען הימל. אָנגע־קומען קיין סעול, איז ער באַלד אַוועק אין דער ריכטונג פונעם 38 פּאַראַ־לעל. אין דער קאָרעישער צייטונג „סילמאַן נאַציאָן" זענען געוואָרן פאַר־עפנטלעכט פאָטאָגראַפיעס, וועלכע וועלן נאָך אַמאָל פיגורירן אין געריכט ווי זאַכלעכע באַווייזן קעגן דאָזיקן מלחמה־אונטערצינדער. די ערשטע פאָ־טאָגראַפיע: דאַלעס גיט, אין די אָקאָפּעס אויפן 38 פּאַראַלעל, אָנווייזונגען דעם לייטער פון דער אַמעריקאַנישער גרופּע און מיליטערישן ראַטגעבער גענעראַל ראָבערזאָן און ליסינמאַנס „מיניסטער" פאַר פאָלקס־פאַרטיידי־קונג סין סען ראָ. די צווייטע פאָטאָגראַפיע: דאַלעס אין דער באַגלייטונג פון די אַמעריקאַנישע מלחמה־ראַט־געבער, וויזיטירט דעם שטאַב פון לי־סינמאַנס אַרמיי, וועלכע איז קאָנצענטרירט אויפן 38 פּאַראַלעל. די דריטע פאָטאָגראַפיע: דאַלעס אָבסערווירט צוזאַמען מיט די ליסינמאַנישע מיניס־טאָרן דעם געביט פון די קומענדיקע מלחמה־אָפּעראַציעס אויף דער טער־ריטאָריע פון צפון־קאָרעע.

נאָכן אומקערן זיך קיין אַמעריקע האָט דאַלעס טעלעפאָניש איבער־געגעבן אין וואַשינגטאָן וועגן די רעזולטאַטן פון זיין רייזע. פאַרן אָפּפאָרן קיין טאָקיאָ איז ער אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעדע אויף דער מאַריאָנעטן־„פאָלקס־פאַרזאַמלונג" אין דרום־קאָרעע און אָפן געהעצט אָנצופאַלן אויף דער קאָרעישער פאָלקס־דעמאָקראַטישער רעפּובליק, צוזאָגנדיק הילף פון אַמעריקע. „די פאַראייניקטע שטאַטן — האָט ער דערקלערט — זענען גרייט צו געבן די נייטיקע מאַטעריעלע און מאָראַלישע הילף דרום־קאָרעע אין איר קאַמף קעגן קאָמוניזם". מיטן ציל צו באַאַרבעטן די ענדגילטיקע פּלענער פונעם באַוואָפנטן אָנפאַל אויף קאָרעע, האָט די רעגירונג פון די פאַראיי־

ניקטע שטאַטן אַרויסגעשיקט קיין טאָקיאָ דעם דעמאָלטיקן פאַרטיידיקונגס־מיניסטער דושאַנסאַן און דעם שעף פון גענעראַל־שטאַב, דעם גענעראַל בראַדלי. דעם 21 יוני איז דאָרט אויך אָנגעקומען דאַלעס, בכדי אָנטייל־צונעמען אין די שמועסן מיט מאַקאַרטור.

פאַרן אָפּפליען פון סעול האָט דאַלעס דערקלערט: „גאָך מיינע שמו־עסן מיטן גענעראַל מאַקאַרטור וועלן פאָרקומען פּאָזיטיווע האַנדלונגען". און עטלעכע טעג אַרום האָט די וועלט דערזען די פּאָזיטיווע האַנדלונגען פון די אַמעריקאַנישע אַגרעסאָרן.

ד. זאַסלאַווסקי

## העגרי לואיס דער טרובאַדור פון וואָל־סטריט

דער אַמעריקאַנער זשורנאַל „פּאַרטשון" האָט אָפּגעמערקט זיין 20־יאָריקן יובל מיט אַן אַרטיקל פון זיין אַרויסגעבער העגרי לואיס. „פּאָר־טשון" — דאָס איז אַ ליטעראַרישער רעקלאַמע־אָרגאַן פון דער וואָל־סטריט, און העגרי לואיס איז זיין טרובאַדור. דער יובל האָט געגעבן אַ מעגלעכ־קייט אַרויסצוטרעטן מיט היסטאָריש־פילאָזאָפישע באַטראַכטונגען וועגן גורל פון דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישער עקאָנאָמיק. די דאָזיקע באַטראַכ־טונגען זענען ווייט נישט קיין פרייליכע. אָבער דער טרובאַדור פונעם וואָל־סטריט וואַגט נישט צו זיין אומעטיק. דאָס קעפּל פון זיין אַרטיקל איז „די רעפאָרם פון דער וועלט־עקאָנאָמיק". דאָס דאַרף הייסן, אַז די „וועלט־עקאָנאָמיק" איז נישט אין אָרדענונג. אָבער לואיס באַרואיקט זיינע לייענער, אַז זי איז נישט קיין האָפענונגסלאָזע. די „רעפאָרם" קאָן און דאַרף אַלץ אויסבעסערן.

דאָס אַרטיקל איז אינטערעסאַנט נישט בלויז דערמיט, וואָס אין אים ווערט געזאָגט, נאָר אויך דערמיט, וואָס אין אים ווערט נישט דערזאָגט. עס פעלן אין דעם אַרטיקל, צום ביישפּיל, פולשטענדיק אַזעלכע ווערטער, ווי „קאַפּיטאַליזם" און „אימפּעריאַליזם". דער מחבר דערמאָנט נישט די דאָזיקע ווערטער מיט דער זעלבער פּאָרכטיקער שרעק, ווי אַנדערע דער־מאָנען נישט, למשל, אונטערציייט דאָס וואָרט „טייוול". אַנשטאָט די פּאָר אים נישט אָנגענעמע טערמינען, באַנוצט זיך העגרי לואיס מיט אַזעלכע ווערטער ווי „עקאָנאָמיק פון די אַמעריקאַנער ביזנעס".

נאַטירלעך, איז דאָס נישט בלויז קיין פּאָרואָרטייל. עס שמעקט אין דעם אויך אַ געוויסע אָפּנאַרעריי. העגרי לואיס באַמיט זיך אַרומצוגיין דעם ענין וועגן אַלגעמיינעם גורל פון קאַפּיטאַליזם, פונקט ווי די אַמעריקאַנער עקאָ־נאָמיק וואָלט מיט דעם דאָזיקן גורל נישט געווען געבונדן. דאָס איז אָבער אַ קינדעריש פּאָרטל. עס איז נישט פאַראַן ביים אַמעריקאַנישן קאַפּיטא-ליזם קיין באַזונדערער גורל. אויב דער קאַפּיטאַליזם אין דער גאַנצער וועלט געפינט זיך אין אַ לאַגע פון פּראָגרעסירנדיקן פאַלן, קאָן דען אויפבליען

די קאַפּיטאַליסטישע עקאָנאָמיק אין איין מלוכה? הענרי לואיס גיט איבער־ ריקנם פאַרבייגייענדיק צו פאַרשטיין, אַז אויב די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע וועלט וועט אָננעמען דעם סיסטעם פון דער אַמעריקאַנער ביזנעס־עקאָ־ נאָמיק, ד. ה., אַז זי וועט זיך אונטערוואַרפן דעם אַמעריקאַנער דיקטאַט, קאָן דער קאַפּיטאַליזם געראַטעוועט ווערן.

לואיס האַלט גאָר שטאַרק פונעם כוח פון דער אַמעריקאַנער ביזנעס־ עקאָנאָמיק. ער דערקלערט מיט שטאָלץ, אַז זיבן פּראָצענט פון דער באַ־ פעלקערונג פון ערד-קיילעך אַרבעט אויס 50 פּראָצענט פּראָדוקציע „פון דער נישט קאָמוניסטישער וועלט". דאָס איז — רעקלאַמע. אָבער, ווי זעט אויס די ווירקלעכקייט?

אין דעם יובל־נומער האָט לואיס פאַנאַנדערגעטיילט די גאַנצע וועלט־ פּראָדוקציע אויף אַזעלכער, וואָס ווערט פּראָדוצירט דורך דער „נישט קאָ־ מוניסטישער וועלט" און אויף אַזאַ, וואָס ווערט פּראָדוצירט דורך דער „קאָמוניסטישער וועלט". נאָך גאָר נישט לאַנג האָט אַזאַ פאַנאַנדערטיילונג בכלל נישט עקזיסטירט. פאַר דער פּראָדוקציע האָט עקזיסטירט בלויז איין וועלט — די קאַפּיטאַליסטישע. די מעגלעכקייט פון אַ צווייטער וועלט איז פאַרלייקנט געוואָרן. היינט מוז לואיס טרויעריק מודה זיין אין איר עקזיסטענץ. צי האָט ער דען געקאָנט זיך פאָרשטעלן מיט 20 יאָר צוריק, ווען ס'האָט זיך באַוויזן אויף דער וועלט דער ערשטער נומער פון זיין זשורנאַל, אַז פון אונטער דער מאַכט פונעם קאַפּיטאַליזם וועט אוועקגע־ ריסן ווערן איין דריטל פון דער מענטשהייט, און אין אַ באַדייטנדיקן טייל פון די איבערגעבליבענע צוויי דריטל וועט דער גורל פונעם קאַפּיטאַליזם געשטעלט ווערן אונטער אַ גרויסן ספק?

אין די דאָזיקע באַדינגונגען איז „50 פּראָצענט" פון דער פּראָדוקציע לגמרי נישט אַזאַ שטאָלצע ציפער. בלתי ספק, איז דער חלק פון דער אַמע־ ריקאַנער ביזנעס-עקאָנאָמיק אויסגעוואַקסן אין דער קאַפּיטאַליסטישער וועלטעקאָנאָמיק, אָבער די דאָזיקע עקאָנאָמיק אַליין איז שטאַרק איינ־ געשרומפן געוואָרן, און דער עיקר, די איינשרומפונג דויערט ווייטער. די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע כמעט אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון דער וועלט געפינט זיך אָדער אין אַ צושטאַנד פון ירידה, אָדער טאָפּטשעט זיך אויף איין אָרט. דאָס דאָזיקע איז אויך חל אויף אַמעריקע. און די אינדוסטריעלע פּראָדוקציע פון דער סאָציאַליסטישער וועלט האַלט אין איין וואַקסן.

דעם גורל, די געטין פון גליק און מזל, האָבן די אַלטע רוימער זיך פאָרגעשטעלט אין דער געשטאַלט פון אַ יונגער פרוי אויף אַ באַפליגלטער

ראַד. נאָר, ווייזט אויס, אַז דער אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטישער גודל קריכט היינט צופּוס, און זיין אויסזען איז נישט פון קיין יונגער געטין, נאָר פון אַן אַלטער מכשפה.

ס'איז נייטיק אַ רעפאָרם פון דער וועלט־עקאָנאָמיק — דערקלערט דער אַמעריקאַנער טרובאַדור. ער לייגט אויך פאָר מיטלען — נישט קיין נייע, נאָר אַלטע. דאָס זענען די אוניווערסאַלע מאַרשאַל־רפואות. לואיס דערקלערט: „כדי אויפצוהייבן דעם לעבנס־ניוואָ אין וועלט-מאַסשטאַב דורך דער אַמעריקאַנער ביזנעס־עקאָנאָמיק איז נייטיק צו צעשטערן די באַריערן, וואָס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן צווישן די באַזונדערע לענדער"... אין מערב־אייראָפּע שטרענגען שוין אָן די שליחים און אַגענטן פון דער אַמעריקאַנער ביזנעס-עקאָנאָמיק אַלע זייערע כוחות, כדי צו פאַרניכטן די מלוכהשע סוווערעניטעט פון די באַזונדערע לענדער און פאַרוואַנדלען גאַנץ מערב־אייראָפּע אין איין גרויסן מאַרק פאַר די אַמע-ריקאַנער סחורות.

די דאָזיקע „רעפאָרמען" האָבן זיך בלויז אָנגעהויבן, נאָך דעם באַדאַרף קומען דער זיג פון די אַמעריקאַנער ביזנעס אויף דער גאַנצער וועלט. לואיס רעדט וועגן דעם פולשטענדיק אָפנהאַרציק. ער צייכנט אָן מיט באַגייסטערונג די רעקלאַמע-בילדער פון דער אַלוועלטלעכער הערשאַפט פונעם אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליזם...

נאָר גראָד אין דער דאָזיקער מינוט פון באַגייסטערונג דערהערט ער אויף זיין אַדרעס אַ פולשטענדיק דייטלעך אַרויסגעזאָגט וואָרט „שוטה". יאָ, יאָ — דאָס איז נישט קיין טעות, הענרי לואיס האָט גוט געהערט, ווי מע זאָגט אים: שוטה! — און מע גיט צו: זשוליק!

פאַרשטענדלעך, אַז דאָס איז נישט קיין פולשטענדיק אידעלע רעפּליק, זי קאָן פאַרטויבן דעם באַצויבערטן טרובאַדור. ערגער פון אַלץ איז, וואָס די דאָזיקע נישט דעליקאַטע רעפּליק קומט פון מערב־אייראָפּע, וועמען די אַמעריקאַנער ביזנעס־לייט ווילן באַגליקן מיט זייער הילף.

אָן אויסערגעוויינלעכע געשעעניש! זאָל וועגן דעם רעדן הענרי לואיס אַליין. ער זאָגט, אַז די אייראָפּעער פאַרשטייען נישט דעם גוטן ווילן פון דעם וואָל־סטריט. „די אייראָפּעער האַלטן די אַמעריקאַנער פאַר שוטים, און וואָס קאָן אַרויסרופן אַ גרעסערן פאַרדרוס, אויב אַ פאָלק, וואָס ווייזט אַרויס טפשות אין זיין הויפּט־טעטיקייט, וויל באַוווסטזיניק נישט אָנערקענען, אינעם מאָמענט פון דעם גרעסטן קריזיס פון דער ציוויליזאַציע, זיין אָפּהענגיקייט."

מיר וועלן אַריינטראָגן אַן אויסבעסערונג. מיר מיינען, אַז נישט אַלע אייראָפּעער האַלטן די אַמעריקאַנער פאַר שוטים. הענרי לואיס האָט איבער־

געטריבן. אָבער ס'אונטערליגט נישט קיין ספק, אַז אַ גרויסע צאָל אייראָפּעער, אַפילו די מערהייט פון זיי, זעט נישט די חכמה און נישט די גרויסמוטיקייט פון די אַמעריקאַנער פּלענער צו באַהערשן אייראָפּע. צוליב דעם טאַקע פּלאַצן די דאָזיקע פּלענער אין אַלע נעט.

די אייראָפּעער זאָגן זיך אויך אָפּ צו אָנערקענען די גרויסמוטיקע פּאָליטיק פון די אַמעריקאַנער ביזנעס־לייט. הענרי לואיס איז געצוווּנגען מודה צו זיין, נישט אָן פאַרביטערונג: „אין אַ סך וועלטטיילן איז אָנגענומען צו קוקן אויף ביזנעס, ווי אויף עפּעס, וואָס איז אומבאַדינגט געבונדן מיט „אַפּנאַרעריי". הענרי לואיס איז ביי דער מיינונג, אַז דאָס איז אַ טעות. אָבער ניין! — דאָס איז די ווירקלעכקייט, וועלכע איז באַשטעטיקט געוואָרן מיט פילמאָליקע פאַקטן.

לואיס פאַרזיכערט אין זיין אַרטיקל, אַז אַמעריקאַנער ביזנעס — דאָס זענען קלוגע און ערלעכע ביזנעס. נאָר אָט די דאָזיקע „קלוגע" און „ערלעכע" ביזנעס האָבן אין כינע צעטרענצלט זעקס מיליאַרד דאָלאַר אויף פאַנאַנדערצופלאַקערן דעם בירגער־קריג.

אין רעזולטאַט זענען מיליאָנען כינעזער פאַרמשפּט געוואָרן צו אַ הונגער־טויט. און די דאָזיקע בלוטיקע פּאָליטיק פון די קאָלאָניזאַטאָרן רופט לואיס אָן אין זיין אַרטיקל „ערלעכע" און „קלוגע". ס'איז קלאָר, אַז אַזאַ מין אַרטיקל פונעם ביזנעסמאַן לואיס קאָן מען אַנדערש נישט אָנרופן, ווי נאַרישע אָפּנאַרעריי.

אין מערב־אייראָפּע זענען פאַר דער פּאָפּולאַריטעט פון די אַמעריקאַנער ביזנעס שוין אויסגעגעבן געוואָרן מיליאַרדן דאָלאַרן, און צי איז דורך דעם געהעכערט געוואָרן דער לעבנס־ניוואָ פון די פראַנצויזן, איטאַליענער, ענגלענדער און גריכישע אַרבעטער? ניין, דער ניוואָ איז געפאַלן. דאָס איז אַלעמען באַוווּסט. ווי אַזוי־זשע קאָנען די אייראָפּעער אָנרופן די אַמעריקאַנער דערקלערונגען, אַז אַ ווייטערדיקע קאָלאָניאַלע עקספּלאָאַטאַציע פון מערב־אייראָפּע, די צעשטערונג פון דער אייראָפּעישער אינדוסטריע און די באַרויבונג פונעם אייראָפּעישן פּראָלעטאַריאַט, וועט העכערן זייער לעבנס־ניוואָ? טאַקע בלויז טיפּשותדיקע אָפּנאַרעריי קאָנען זיי אָנרופן די דאָזיקע דערקלערונגען, און קיין צווייטע מיינונג קאָן ביי זיי נישט זיין אויך וועגן די ביזנעס פון הענרי לואיס אַליין.

און ווי זעט אויס דער ענין מיטן לעבנס־ניוואָ פון די אַרבעטנדיקע מאַסן אין אַמעריקע?

לואיס שטעלט אונדז אויך דאָ פאַר אַ בילד פון חכמה און ערלעכקייט מצד די אַמעריקאַנער ביזנעס־לייט. ער דערקלערט: „די אַמעריקאַנער ביז-

נעם־עקאָנאָמיק האָט דורך אַ שטילן אָפּמאַך מיט דער רעגירונג ליקווי־דירט דעם סאַמע ערנסטן פּראָבלעם פון עקאָנאָמישן קריזיס, און נעמ־לעך — די ווירקלעכע נויט צוליב דער שפע. אייביקער פאַנאַנדערבלי־זיין, דורכרייסן זענען אומפאַרמיידלעך. אָבער אינערהאַלב דעם אַמערי־קאַנער סיסטעם איז אַנגענומען געוואָרן אַ פאַרפליכטונג צו זאָרגן וועגן די נויטבאַדערפטיקע... אויף וויפל ערנסט איז די דאָזיקע פאַרפליכטונג? זי איז אויף אַזוי פיל ערנסט, ווי אַלע אַנדערע פאַרפליכטונגען, וואָס ס'האָט וועגן עס איז גענומען אויף זיך די מענטשהייט אין איר געשיכטע. — אָט דאָס איז אַלץ".

וואָס איז דען דער חידוש, אַז נאָך אַזאַ טיראַדע וועט לואיס נישט בלויז אין אייראָפּע נאָר אויך אין אַמעריקע הערן די דייטלעכע ווערטער: שוטה און זשוליק!

„אָט דאָס איז אַלץ". דער טרובאַדור פון די אַמעריקאַנער ביזנעס פּרוווט אַלץ אָפּמרן ביליק. דער ריזיקער וווקס פון אַרבעטלאָזע, די ירידה פונעם רעאַלן לוין, יקרות, נויט — זענען אַלץ פאַקטן פונעם אַמעריקאַנער לעבן — און די „פאַרפליכטונגען" — בלויז פוסטע ווערטער.

די אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן האָבן אויפן ברוטאַלסטן אופן גע־בראָכן און ברעכן די אויף זיך גענומענע פאַרפליכטונגען. הענרי לואיסן שטערן, פאַרשטענדלעך, לגמרי נישט די פאַרפליכטונגען, וואָס די אַמע־ריקאַנער רעגירונג האָט גענומען אויף זיך לויט די שלום-אָפּמאַכן. ער פאַר־שטייט, אַז אים וועלן קיין איין וואָרט נישט גלייבן נישט די אייראָפּעער, נישט די אַמעריקאַנער. עס קאָן נישט פאַרווירקלעכט ווערן די „רעפאָרם פון פרידלעכער עקאָנאָמיק", וועלכע ער רעקאָמענדירט, ווי אַ מיטל צו ראַטע־וועג דעם וועלט־קאַפּיטאַליזם. צוליב דעם איז ער אַליין סוף-כל-סוף גע־צוווּנגען אויפצודעקן זיין „רעפאָרם" ווי אַ פּלאַן פון אַגרעסיווער מלחמה. אויבפריער האָט לואיס דערקלערט, אַז די עקאָנאָמישע טעטיקייט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט „די ערשטע ליניע" פון דער אַמעריקאַנער עקספּאַנסיע, באַדאַרף אין איצטיקן מאָמענט די ערשטע ליניע טראָגן אַ „פּאָליטישן קריג־כאַראַקטער". און צוליב דעם פאָדערט ער „אַ ווירקלעכע מלחמה".

דער „קאַלטער קריג" — דאָס איז דער פּרוּוו אָפּצונאַרן די פעלקער, אַנצורייצן זיי אויפן ראַטנפאַרבאַנד און די פאָלקס-דעמאָקראַטישע לענדער, דאָס איז אַ פּרוּוו צו פאַרוואַנדלען מערב־אייראָפּע אין אַ פּלאַצדאַרם פאַר דער נייער מלחמה. דער דאָזיקער פּרוּוו גיט זיך אָבער נישט איין. די אַמע־ריקאַנער טיפּשים איז נישט געלונגען אַנצוגיין פאַר קלוגע פּאָליטיקער, די אָפּנאַרער — פאַר ערלעכע מענטשן, די מלחמה־אונטערצינדער — פאַר שלום-מלאכים.

דאָס גאַנצע יובל־אַרטיקל פון העברי לואיס איז פול מיט מאַכטלאָזער פאַרביטערונג. ער דריקט אויס די גאַרע פאַרלוירנקייט, וואָס עס פילט זיך אין דער אַמעריקאַנער ביזנעס־וועלט. ער האָט פיינלעך מורא פאַר דער פרידלעכער עקזיסטענץ פון צוויי קעגנזעצלעכע עקאָנאָמישע סיסטעמען — אַ קאַפּיטאַליסטישע און סאָציאַליסטישע. דאָס אַרטיקל פון העברי לואיס באַווייזט איינס: די אַמעריקאַנער ביזנעס־עקאָנאָמיק דינט פיבערהאַפט דער צוגרייטונג צו אַ נייער מלחמה. צוליב דעם מאַסקע פאָדערט דער טרר־באַדור פון די אַמעריקאַנער ביזנעס — לואיס, אָפּצושטעלן „דעם קאַלטן קריג״ און איבערגיין צו אַ ווירקלעכן.

„די קאַלטע מלחמה״ האָט דערפירט צו אַ מעכטיקער באַוועגונג פון די שלום־אָנהענגער. דער צאָרן פון די פעלקער וועט, צעשמעטערנדיק פאַלן אויף די קעפּ פון די מלחמה־אונטערצינדער. די רשימה פון די מלחמה־פאַרברעכער וועט זיינען צונויפגעשטעלט אין די שלום־טעג. העברי לואיס האָט אַריינגעטראָגן זיין נאָמען אין דער דאָזיקער רשימה.

ב. מאַריעז

## דער מלחמה־העצער בערנאַרד מאַקס באַרוך

אין די קולואַרן פון אונאָ־זאַל איז ענג. צווישן די דעלעגאַטן רוקט זיך אַרויס דער ענגלישער דעלעגאַט מאַקסנעול א טויט־שיכורער און שטופּט זיך אַדורך צום בופעט. די פאַרבעטענע מיניסטאָרן, זשורנאַליסטן און אַנדערע געסט שטויסן זיך דורך, ווי אין א וואַגאָן אין דער אונטערערדישער באַן אין ניו־יאָרק.

די אויפמערקזאַמקייט פון די מערב־אייראָפּעישע און לאַטיין־אַמעריקאַנישע דעלעגאַטן ציט אויף זיך אַן אַכציק־יאָריקער הויכער און דאַרער זקן מיט א שמאָל, אויסגעצויגן געזיכט און מיט גאָלדענע פּענסנע אויף דער בלאַסער שפּיציקער נאָז, וועלכער זיצט אין א טיפן פּלושענעם פאָטעל. דאָס איז דער אָנגעזעענער פאַרשטייער פון וואָל־סטריט, דער בערזע־שפּעקולאַנט לויט פאַך און מלחמה־העצער לויט באַרוף — בערנאַרד מאַקס באַרוך.

זיינע ביאָגראַפן, די טעלער־לעקער פון וואָל־סטריט רופן אים: „דאָס וווּנדער־קינד פון דער פינאַנס־וועלט". פאַקטיש באַמערקט מען נישט ביי דעם דאָזיקן טוער פון וואָל־סטריט קיין ווונדער נישט אין זיין אויסערלעכן אויסזען און נישט אין זיין טעטיקייט. באַרוך האָט ליב מע זאָל אים האַלטן פאַרן פאַרשטייער פון דער אַמעריקאַנישער פּריצישער אַריסטאָקראַטיע, פון די „דרום־בורבאָנען". פאַקטיש אָבער איז ער א גרויסער ערד־באַזיצער אין די דרום־קאַראָלינער שטאַטן, אין דעם צענטער פון די קריגערישע פּלאַנטאַטאָרן ראַסיסטן.

באַרוכס לעבנס־טעטיקייט איז אָבער געקניפּט און געבונדן מיט דער ניו־יאָרקער בערזע און מיט די רעגירונגס־אַמטן פון וואַשינגטאָן. שפּעקולירנדיק מיט די פינאַנס־אַקציעס פון מאָרגאַן און אַנדערע ענלעכע פירמעס — האָט באַרוך צו זיינע 30 יאָר זיך איינגעשאַפן דעם ערשטן מיליאָן דאָלאַר. באַרוך איז שנעל אַריין אין די פעדערן. זיינע שפּעקולאַציעס האָבן אים געגליקט און זיינע דעפּאָזיטן אין די בענק האָבן געהאַלטן אין איין וואַקסן. באַרוך האָט זיך אָבער מיט דעם אַליין קנאַפּ באַפרידיקט. דאָס

איז נאָך אַלץ נישט געווען דער דערפֿאָלג, וועלכער ווערט אָנגערופֿן אין דער אַמעריקאַנער פֿינאַנס־וועלט „באָנאַנזאַ", דאָס הייסט, בריליאַנטן־שאַכטער. דער דערפֿאַרענער בערזע־מענטש באַרוך האָט געוווּסט, אַז „אויב מע וויל זיך דערשלאָגן צו אַ דערפֿאָלג, דאַרף מען ווענדן דעם בליק אַהין, ווו עס דונערן די האַרמאַטן...". דער דאָזיקער צינישער געדאַנק איז געוואָרן דער אומזעבאַרער הויפּט־דעוויז פֿון אַלע בענק און האַנדלס־פֿירמעס פֿון וואָל־סטריט.

דאָס דונערן פֿון די מויט־מכשירים, וואָס האָט זיך צעטראָגן איבער די פֿעלדער פֿון אייראָפּע דעם ערשטן אויגוסט פֿון יאָר 1914, האָט געעפֿנט אַ נייעם בלוטיקן בלאַט אין דער בלוטיקער געשיכטע פֿון אימפּעריאַליזם. דער מלחמה־אויסברוך האָט אין וואָל־סטריט אַרויסגערופֿן פֿריידיקע האָפֿענונגען: עס איז אָנגעקומען די צייט פֿון מלחמה־ביזנעס. די צייט פֿון גרויסע רווחים פֿאַר די באַנקירן, פֿאַבריקאַנטן און פּריצים.

שוין אין יאָר 1914, האָט דאָס באַנק־הויז „דזש. פּ. מאָרגאַן עט קאָמפּ" אַרויסגעשיקט קיין אייראָפּע דעם מיט־שותּף הענרי דעוויסאָן אויף דורכצופֿירן מיט דער ענגליש־פֿראַנצויזישער קאָאַליציע אונטערהאַנדלונגען וועגן פֿינאַנסירן די מלחמה־באַשטעלונגען. אין יאָר 1915, האָבן שוין אָנגעהויבן אָנקומען קיין אייראָפּע די ערשטע טראַנספּאָרטן אַמעריקאַנער געווער. אויף די שלאַכט־פֿעלדער האָבן אָנגעהויבן אויפֿרייסן באָמבעס מיט דער מאַרקע „מעיד אין פּש"א". אין אַמעריקע איז דאָס באַנק־הויז פֿון מאָרגאַן געוואָרן דער וויכטיקסטער האַנדלס־פֿאָרשטייער פֿון די קאָאַליציע־לענדער. מאָרגאַנס אַגענטן האָבן אויסגעקויפֿט אַלץ, וואָס איז געווען נייטיק פֿאַר די מלחמה־פֿירנדיקע לענדער — פֿון קריגס־מכשירים און אַמוניציע ביז תּבֿואה און פֿלייש־קאָנסערוון. אַרום זומער פֿון יאָר 1915, האָט דער באַטרעף פֿון די דאָזיקע טראַנזאַקציעס אויסגעמאַכט צען מיליאָן דאָלאַר טעגלעך. אין די דאָזיקע מאָרגאַנישע האַנדלס־אָפּעראַציעס האָבן זיך באַטייליקט זעכציק באַנקירן פֿון וואָל־סטריט. נאָך פֿאַר דעם פּעריאָד, איידער די פֿאַראייניקטע שטאַטן זענען צוגעטראָטן צו דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן שוין ענגלאַנד און פֿראַנקרייך זיך פֿאַרשולדיקט אין מאָרגאַנס באַנק־הויז אויף אַנדערטהאַלבן מיליאַרד דאָלאַר. די מאַגנאַטן פֿון וואָל־סטריט און זייערע אַגענטן האָבן אויפֿמערקזאַם געזאָרגט פֿאַרן גורל פֿון זייערע הלוואות, פּראָצענטער און דיווידענדן, ווייל ווי זאָגט מען אין אַמעריקע: „דאָס האַרץ פֿון באַנקיר איז דאָרט, ווו עס געפֿינט זיך זיין געלט". ווען די לאַגע אויפֿן מלחמה־פֿראָנט איז געוואָרן אומגינסטיק פֿאַר ענגלאַנד און פֿראַנקרייך און די אַריינגעבראַכטע אין דער מלחמה מיליאַרדן דאָלאַרן זענען געשטאַנען אין געפֿאַר, האָט וואָל־סטריט באַשלאָסן מער נישט צו

זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. די גוטע פּערספּעקטיוון פון אַ דירעקטן אָנטייל אין דער מלחמה האָבן באַזונדערס געלאָקט.

דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד, וואַלטער הײנס פּעידזש, האָט דעם 5טן מערץ 1917, דעפּעשירט צום פּרעזידענט ווילסאָן: „די אינטערנאַציאָנאַלע פינאַנס־לאַגע שטעלט אין געפאַר די פינאַנסיעלע און אינדוסטריעלע פּערספּעקטיוון פון די פאַראייניקטע שטאַטן... עס מערקט זיך אַ געפאַר פאַרן פראַנצויזיש־אַמעריקאַנישן האַנדלס־אויסטויש. אַלס פועל־יוצא דערפון, איז דאָס פאַלן פון אַלע באַשטעלונגען פון די קאָאַליציע־רעגירונגען און די פולקאָמע ליקווידאַציע פון טראַנס־אַטלאַנטישן האַנדל, אין רעזולטאַט פון וועלכן עס וועט זיך אָנהייבן אין אַמעריקע אַ גרויסער קריזיס. אויב אָבער די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן דערקלערן דייטשלאַנד קריג, דעמלט וועט אַמעריקע אויף ווייטער אונטערהאַלטן און אויסברייטערן דעם האַנדל ביזן סוף פון קריג. נאָך דער מלחמה ווידער וואָלט גאַנץ אייראָפּע געמוזט אָנקומען צו אַמעריקע נאָך פּראָדוקטן און מאַטעריאַלן אויף אויפצובויען די פרידלעכע ווירטשאַפט. נאָר אויף אַזאַ אופן וואָלט דער האַנדל זיך אויסגעברייטערט און אונדזערע רווחים וואָלטן זיך געצויגן יאָרן־לאַנג"... צום סוף האָט פּעידזש נאָכאַמאָל באַטאָנט, אַז „דער איינציקער אויסוועג פאַר אַמעריקע איינצוהאַלטן די ביזאַיצטיקע האַנדלס־לאַגע און אויסמיידן אַ קריזיס, איז דערקלערן דייטשלאַנד קריג...".

וועמענס מיינונג פּעידזש האָט פאַרטרעטן זעט מען פון דעם, ווער עס האָט פּעידזשן באַצאָלט דערפאַר. דער גרעסטער אַמעריקאַנער געוועזער־פאַבריקאַנט דאָדזש, איינער פון די גרעסטע אַקציאָנערן פון „נעשענעלן סיטי־באַנק", האָט פון זיינע אייגענע פאָנדן אויסגעצאָלט פּעידזשן, פאַר דער צייט, וואָס ער איז געווען אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן, צו 25 טויזנט דאָלאַר יערלעך.

דער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט פון וואָל־סטריט האָט טרומייטערט אויף דער גאַנצער וועלט, אַז אַמעריקע טרעט צו צום קריג, כדי אַ סוף צו מאַכן צו דער בלוט־פאַרגיסונג און צו די ליידן פון די אייראָפּעישע פעלקער. דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשער שפּיל, ווייל שוין אין 1915, איז מאָרגאַנס הויפּט־פאַרטנער טאָמאַס לאָמאָנד אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע אין דער אַמעריקאַנער אַקאַדעמיע פאַר פּאָליטישער און סאָציאַלער וויסנשאַפט אין פילאַדעלפיע וווּ ער האָט פּאָפּולאַריזירט דעם געדאַנק, אַז וואָס לענגער די מלחמה וועט דויערן אַלץ בעסער וועט זיין פאַר וואָל־סטריט. לאָמאָנד האָט אָפן דערקלערט, אַז דאָס פאַרציען זיך פון קריג האָט אַ וויכטיקע פינאַנסיעלע באַדייטונג פאַרן לאַנד", „אויב די מלחמה וועט זיך פאַרציען, האָט זיך פאַרכלינעט לאָמאָנד, אַזוי לאַנג ביז מיר וועלן ווערן די קרעדי־

טאָרן פון דער גאַנצער וועלט, וועט, אנשטאט דער פונט, דער דאָלאַר ווערן די אינטערנאַציאָנאַלע וואַליוטע...״ אָט וואָס פאַר א ציל עס האָט געשטעלט פאַר זיך דער וואָל־סטריט. נישט וועגן שלום, נאָר וועגן א לאַנגיעריקער מלחמה, וואָס וועט דערפירן די באַנקירן פון וואָל־סטריט צו זייער הערשאַפט איבער דער גאַנצער וועלט. אזוי האָבן געחלומט די אַמעריקאַנער מאַגנאַטן אין די אַפּאַרטאַמענטן פון זייערע וואָלקן־קראַצער.

דאָס העצן צו קריג איז פאַר וואָל־סטריט געווען צו וויכטיק, אז מע זאָל דאָס אָנפאַרטרויען פּשוטע פּראָפעסיאָנעלע באַאַמטע, וועלכע האָבן זיך אַפילו אויסגעצייכנט אויף דעם דאָזיקן געביט. די דאָזיקע „בכבודיקע״ אַרבעט איז אָנפאַרטרויט געוואָרן דעם מאַגנאַט און מלחמה־העצער — באַרוך.

נאָך אין יאָר 1912, האָט דער דעמאָלטיקער פּרעזידענט ווילסאָן פאַרגעשלאָגן באַרוכן די טעקע פון פינאַנס־מיניסטער. באַרוך האָט אָבער געהאַלטן, אז דאָס איז פאַר אים א פויל געשעפט און ער האָט דעם דאָזיקן אַמט נישט אָנגענומען. באַרוך האָט פאַרשטאַנען, אז אויף וואָל־סטריט איז ער פיל שטאַרקער און מעכטיקער ווי אין פּאָסטן פון פינאַנס־מיניסטער. דעריבער, ווען ווילסאָן האָט אים אויף דער רעקאָמענדאַציע פון מאָרגאַן פאַרגעשלאָגן צו ווערן אָנפירער פונעם אזוי גערופענעם ראַט פאַר מלחמה־ווירטשאַפט, האָט ער זיך נישט אָפּגעזאָגט. דאָ איז געגאַנגען אין אָנפילן די קאַסעס פון די גרויסע קאָנצערן און בענק פון וואָל־סטריט. דעם דאָזיקן אַמט האָט באַרוך יאָ אָנגענומען. באַרוך האָט זיך דאָ אַרומגערינגלט מיטן געזינדל פון וואָל־סטריט. זיין נאָענטסטער מיטאַרבעטער איז געוואָרן קלאַרענס דילאָן, דער שפּעטערדיקער פּרעזידענט פון די אינוועסטיציע־בענק „דילאָן ריד עט קאָמפּ״ די פאַרשטייער פון דער דאָזיקער באַנק־קאָמפּאַניע האָבן געשפּילט און שפּילן איצט אויך א וויכטיקע ראָל אינעם קערעווען מיט דער אַמעריקאַנער אויסערן־פּאָליטיק אין דער ריכטונג פון אַגרעסיע און מלחמה־אַוואַנטורעס. צווישן באַרוכס נאָענטסטע מיטאַרבעטער געפינען זיך אויך: דער איצטיקער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ענגלאַנד וואַלטער גיפאָרד, וועלכער איז, אייגנטלעך, וויצע־פּרעזידענט פון דער מאָרגאַנישער „אַמעריקאַן טעלעפאָן ענד טעלעגראַף־קאָמפּאַני״, ד. א. פאַרעל, דער פּרעזידענט פון דער מאָרגאַנישער אַקציע־געזעלשאַפט, דזשאָן ראַיאַן, עדוואַרד סטעטיניוס דער עלטערער, געוועזענער וויצע־קריגס־מיניסטער; ראַסעל לעפינגוועל, דער ביז נישט לאַנג געוועזענער פּרעזידענט פון דער מאָרגאַן־באַנק „דזש. פּ. מאָרגאַן עט קאָמפּ״ און געוועזענער וויצע־מיניסטער פון פינאַנסן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. טשאַרל שוואַב, א פאַרשטייער פון שטאָל־טרעסט „בעטל־

כעם סטיל״, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער בויונג פון אַמעריקאַנער ים־פלאָט א. א.

בראָש פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט צווישן אַנדערן אויך זיך פאַרנומען מיטן פאַנאַנדערטיילן די רוי־שטאָפן און באַשטימען סובווענצן, האָבן זיך געפונען די פאָרשטייער פון די גרעסטע מאָנאָפּאָלן און אינדוסטריע־מרעסטן פון וואָל־סטריט, צווישן וועלכע מאַקס בערנאַרד באַרוך שפּילט די הויפּט־ראָל.

די וואַשינגטאָנער ביוראָ פון בערנאַרד באַרוך איז אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געוואָרן דער צענטער וואָס האָט קאָנטראָלירט די גאַנצע אינדוסטריע פון די מלחמה־באַשטעלונגען. אין די הענט פון בערנאַרד באַרוך האָט זיך געפונען די פאַנאַנדערטיילונג פון רוי־שטאָפן, הייך־מאַטעריאַל און אַרבעטס־קראַפט. זיין אַפּאַראַט האָט באַרוך אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון די צען מיליאָן דאָלאַר פון דער מלוכה־קאַסע, וועלכע וואָל־סטריט האָט ווערכנטלעך מיט א ברייטער האַנט געוואָרפן אין מלחמה־קעסל. מיט דער אונטערשטיצונג פון מאָרגאַן און ראָקפעלער איז באַרוך געוואָרן דער כוח, וועלכער האָט געקערעוועט מיט דער עקאָנאָמיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פאַרוואַנדלענדיק זי אין א באַדינערין פון די באַוואָפנטע קרעפטן. דער אמט פון בערנאַרד באַרוך קאָן פאַרגליכן ווערן מיטן אמט, וואָס עס האָט ביז נישט לאַנג פאַרנומען שאַרל ווילסאָן, דער „עקאָנאָמישער דיקטאַטאָר״ פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

בערנאַרד באַרוך האָט צוגעהיטן, אַז די מאָרגאַנישע קאָנצערנען זאָלן באַקומען די באַשטעלונגען, וועלכע ברענגען אַריין די גרעסטע רווחים. באַרוך האָט אויך געזאָרגט פאַר זיינע פערזענלעכע געשעפטן אויפן געביט פון מלחמה־פּראָדוקציע. די פאַרדינסטן פון וואָל־סטריט, אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן געהאַלטן אין איין שטייגן. „די מלחמה־פאַרדינסטן זענען געווען אויסערגעוויינלעך גרויס״ — האָט געשריבן דער באַקאַנטער אַמעריקאַנער זשורנאַליסט לאַנדבערג. די מלחמה־הוצאות פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַפּריל 1917 ביז יאַנואַר 1919, האָבן באַטראָפן 35,5 מיליאַרד דאָלאַר. די רווחים פון פאַרשידענע קאָנצערן פון יאַנואַר 1916, ווען וואָל־סטריט האָט זיך אָנגעהויבן צוגרייטן אַריינצוטרעטן אין קריג, ביז יולי 1921, האָבן אויסגעמאַכט 38 מיליאַרד דאָלאַר.

ווען די האַרמאַטן זענען שוין אַנטשוויגן געוואָרן איז נאָך אַלץ באַרוך נישט אַראָפּ פון דער וואַשינגטאָנער אַרענע. באַרוך איז אַריין אין באַשטאַנד פון דער דעלעגאַציע צו דער ווערסאַלער שלום־קאָנפערענץ.

נאָכן קריג האָט באַרוכס שטערן ווידער אויפגעשײַנט אויף דער בער־זע פון וואָל־סטריט. דאָ האָבן אים ווידער דערוואַרט וויכטיקע „אויפגאַבן". די פּאַרקויפטע אַמעריקאַנער פּרעסע האָט אים באַרימט געמאַכט אַלס קען־נער פון דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיק. זײַן שטערן האָט אָבער אָנגעהויבן אויסגעלאָשן צו ווערן אין יאָר 1929, בעת דעם גרויסן עקאָנאָמישן קריזיס אין אַמעריקע. אין פרילינג פון יענעם יאָר, איז באַרוך אַרויס מיט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט פאָרויסגעזאָגט אַן עקאָנאָמישער אויפלעבונג און אויך אַ פולקאָמע ליקווידאַציע פון דער „ציקלישער אַנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמיע", וואָס ווערט אידל באַצייכנט אויף וואָל־סטריט אַלס שרעקלעכער עקאָנאָמישער קריזיס, וואָס טרייסלט אויף פּעריאָדיש די קאַפּיטאַליסטישע שטאַטן. אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ קריזיס, אַז די קלענערע שפּעקולאַנטן, וועלכע האָבן געגלויבט די נביאות פון באַרוכן, האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען פון די וואָלקן־קראַצערס אויפן ברוק פון וואָל־סטריט.

באַרוך האָט זיך אָבער נישט פאַרלוירן. אויך איצט האָט ער גע־פינען מעגלעכקייטן רײַכער צו ווערן אויפן חשבון פון די רואינירטע און ווינציק פּיפּיקע קאַלעגן זײַנע. פּונקט ווי אין די פּאַטאַלע טעג פון 1929, ווען באַרוך האָט דורך שפּעקולאַציע פאַרגרעסערט זײַן פאַרמעגן אויף אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר, אַזוי האָט ער אויך שפּעטער, נאָכן „שוואַרצן פרײַטיק", פאַרמערט זײַן פאַרמעגן אויף אַ פּאָר הונדערט מיליאָן דאָלאַר.

דער שרעקלעכער קריזיס, די גרויזאַמע אַרבעטלאָזיקייט, די רואינירונג פון טויזנטער קלענערע פאַרמער, האָבן דערפירט דאָס לאַנד צום אָפּ־גרונט. די שיף פון וואָל־סטריט האָט אַרויסגעלאָזט אַלאַרם־סיגנאַלן, באַ־רוך האָט דערפילט די געפאַר, ער איז אַוועק צום פּרעזידענט הוווער, בכדי מיט זײַן הילף צו ראַטעווען די אינטערעסן פון וואָל־סטריט.

באַרוך, וועלכער האָט, לויט די ווערטער פון זײַן ביאָגראַף, „געוואָלט זײַן מער ווי אַ פּשוטער שפּעקולאַנט, באַרוך וועמענס אַמביציע איז גע־ווען צו ווערן אַ גרויסער מלוכה־מאַן", איז אָנערקענט געוואָרן אַלס שטענ־דיקער בעל־יועץ פון פּרעזידענט הוווער.

בערנאַרד באַרוך, וועלכער האָט אָנגעשטאָפּט זיך מיט גאָלד בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין יאָר 1934, באַשטימט געוואָרן אַלס אַ מיטגליד אין דער קאָמיסיע אויסצואַרבעטן אַ געזעץ קעגן באַרײַכערן זיך בעת אַ מלחמה, אַ פּאַקט, וואָס נייטיקט זיך נישט אין קאָמענטאַרן. בער־נאַרד באַרוך איז תמיד געווען און איז אויך איצט דער, וואָס האָט אַ שלעכטע ווירקונג אויף דער אויסערן־פּאָליטיק פון די פּאַראייניקטע שטאַטן, ריכטנדיק זי אויפן וועג פון אַגרעסיע. אין די יאָרן פון דער ערשטער

וועלט־מלחמה און אויך שפעטער איז בארוך געווען איינער פון די הערשער אויף וואל־סטריט, וועלכער האט צוזאמען מיט דאלעס, הערבערט הוווער און צענדליקער אנדערע משרתים פון גרויסן מאנאפאליסטישן קאפיטאל, געשטויסן צו דער אימפעריאליסטישער אינטערווענץ קעגן דער ערשטער אין דער וועלט סאוויעטישער מלוכה.

די ראל פון וואל־סטריט אין דער באוואפנטער אינטערווענץ קעגן ראטנפארבאנד איז בכלל באקאנט. דער פרעזידענט ווילסאן, וועלכער איז געשטאנען צו דינסט ביי מארגאנען, האט פיל געטאן כדי אויסצוברייטערן די אימפעריאליסטישע אינטערווענץ קעגן דער סאוויעטישער מלוכה, קעגן וועלכער דער הויפט־אימפעריאליסט טשערטשיל האט אנגעפירט מיט „א קרייצצוג פון 14 מלוכות." לאמאנד, דער פרעזידענט פון דער מארגאן־באנק, ווילסאנס געוועזענער ראט־געבער אויף דער ווערסאלער שלום־קאנ־פערענץ, דושאן פאסטער דאלעס — מיטגליד פון דער אמעריקאנער דע־לעגאציע, דער ערלעכער משרת פון די מאנאפאלן — הערבערט הוווער א. א. האבן גענומען אן אקטיוון אנטייל אינעם אויסארבעטן די פלענער פון קאמף קעגן דער יונגער סאוויעטישער רעפובליק. די דאזיקע בלוטיקע אינ־טערווענץ האט ווייטער אריינגעבראכט הונדערטער מיליאנען רווחים פאר וואל־סטריט.

דער בלוטיקער קרייצצוג פון וואל־סטריט, קעגן דער יונגער סאוויעטן־מלוכה, האט זיך געענדיקט מיט א קראך פון זיינע ארגאניזאטארן און אינספיראטארן. דאס סאוויעטישע פאלק האט פארטריבן פון זיין לאנד די דאלארן־משרתים און זיינע קרעאטורן. וואל־סטריט אבער האט נאך אלץ נישט געלייגט דאס געווער. די פינאנס־מאגנאטן פון אמעריקע, שליסנדיק א בונט מיט די קוילן און שטאל־מאגנאטן פון רור, האבן באשלאסן צו שטעלן אויף דער קארט פון דייטשלאנד.

י. קאזלאָוו

# דער קריגס־העצער אָמאַר ברעדלי

יעדן אינדערפרי באַווייזט זיך אין די דעפּאַרטאַמענטן פון מיסטער טרומאַן א מענטש, וואָס טראָגט א גענעראַלישן מונדיר פון דער אַמעריקאַנישער אַרמיי. דאָס איז אָמאַר נעלזאָן ברעדלי, וואָס די צייטונג „ניו־יאָרק העראַלד טריבון" רופט אים מיט רעכט „דער נישט־אָפיציעלער שעף פונעם פּרעזידענטס שטאַב". ברעדלי טרעפט זיך יעדן טאָג אינדערפרי מיט טרומאַנען אינעם ווייסן הויז, וו ער גיט אים אָפּ א גענויעם ראַפּאָרט „וועגן דער פּאַקטישער און קאָנקרעטער לאַגע אין קאָרעע ווי אויך וועגן דער אַלגעמיינער סטראַטעגישער סיטואַציע".

אינעם לאַנד פון דאָלאַר איז אין די „בעסערע" פאַמיליעס פאַראַן א מנהג אָנצורופן די קינפטיקע דורות מיט שיינע קלינגענדיקע היסטאָרישע נעמען. די עלטערן זעען פאָרויס און גלויבן, אַז זייערע נאָכפאָלגער וועלן דערגרייכן אין זייער לעבן די קאַריערע פון זייערע נאָמען-טרעגער.

די פאַמיליע ברעדלי, אויסקלייבנדיק פאַר זייער זון דעם נאָמען אָמאַר, האָבן זיך לחלוטין נישט גערעכנט מיטן קולט פאַר דעם פּאָעט אָמאַר האים, נאָר וואָרשיינלעך פאַר דעם צווייטן קאַליף פונעם איסלאַם, אָמאַר אבן־על־האטאבא, וועלכער האָט זיך אין 7־טן יאָרהונדערט באַרימט געמאַכט מיט דער פאַריאָכונג פון אזיע. אָן שום ספק האָט אָמאַר נעלזאָן ברעדלי לויט די מחשבות פון זיינע עלטערן געדאַרפט אין זיך פאַראייניקן די מעלות פון דעם אַראַבישן באַהערשער מיט די צביעות פון געלזאָנען דעם זיגער הינטער טראַפאַלגאַר.

אָבער גענעראַל ברעדלי אַנטוישט די האָפענונגען פון זיינע געערטע עלטערן.

אין יאָר 1913 ענדיקט ברעדלי די אָפיצערישע מיטל־שול אין וועסט־פאָינט, וואָס טראָגט דעם פּרעטענסיאָנעלן נאָמען „קריגס־אַקאַדעמיע פון די פאַראייניקטע שטאַטן". ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ברעדלי נישט אויפגעבליצט מיט זיין טאַלאַנט. א יונגער אינפאַנטעריע־אָפיצער, האָט ער פונדעסטוועגן אין דער ערשטער וועלט־

מלחמה זיך נישט דירעקט באטייליקט, פארנעמענדיק זיך אין דער צייט מיט מער זיכערע זאכן: מיט אויסשולן רעקרוטן און דערשטיקן אויף א ברוטאלן אופן די שטרייק־באוועגונגען. איינער פון ברעדלים ביאגראפן, באמיענדיק זיך פאר יעדן פרייז צו פארהערלעכן זיין פארטרעט, איז גע־צוואונגען געווען צו פאלגנדיקער כאראקטעריסטיק: „מוסטערהאפט אין אלע־מען, א טשאמפיאן אין שיסן מיט שרוט, אן אויסגעצייכנטער ברידזש־און גאלף־שפילער, א ליידנשאפטלעכער יעגער און פישער... ער רעדט נישט אויף קיין איין פרעמדער שפראך, אפילו איצטער איז זיין סטיל באלאדן מיטן מיטל־מערבדיקן זשארגאן". (קורענט ביאגראף ניו־יארק, 1943 יאר). ווי מיר זען, האט ברעדלים ענטוזיאסטישער ביאגראף גארנישט געברענגט אזוינס, וואס זאל קאנען דינען פאר א באווייז פון זיין קריגס־טאלאנט און דאס צוליב דער פשוטער סיבה, וואס אין פארלויף פון זיין 27־יעריקן מיליטער־דינסט, ד. ה. ביזן יאר 1943, האט זיך ברעדלי נישט אויסגעצייכנט מיט עפעס, וואס וואלט אויף דעם געביט ווערט געווען אונ־טערצושטרייכן.

פאר דאס אבער, ווען ער איז געווען אין די האוואיען, אויף דעם דאזיקן פארפאסט פון דער אמעריקאנישער אגרעסיע אויפן שטילן אקעאן, האט ער „בארואיקט די ארטיקע בירגער" און באקומען די קוואליפיקאציע פון א „קאלאניאלן אויפזעער". די דאזיקע קוואליפיקאציע קומט אים איצט זייער שטארק צונוץ אין די באציונגען מיט די מארשאליזירטע רעקרוטן אין אייראפע.

אין יאר 1929 האט דער „מוסטערהאפטער", אינסטרוקטאר פון דער אינפאנטעריע־שול, געצויגן אויף זיך די פריינדלעכע אויפמערקזאמקייט פון דעם פולקאווניק מארשאל, וועלכער האט זיך שוין דעמלט גערעכנט צו די סאמע קאנסערוואטיווסטע און רעאקציאנערסטע מיליטער־לייט אין די פאראייניקטע שטאטן. נאך 10 יאר ווערן א „מענטש" האט מארשאל זיך דערמאנט אין דעם „פעיקן" אפיצער — און פון יאר 1938 פירט ברעדלי אוים די פונקציע פון א באאמטן אין קריגס־מיניסטעריום.

די נאענטע באציונגען מיט מארשאלן קאנען אויסטייטשן דעם פאקט, וואס ברעדלי האט זיך אין דער מלחמה געפונען אין שפיץ פון די אמע־ריקאנישע עקספעדיציע־כוחות אין מערב־אייראפע. ס'איז פולשטענדיק קלאר, אז דא האבן נישט געשפילט קיין ראלע זיינע מיליטער־קענטעניש; צו דעם גראבן פארדינסט, אויף וועלכן ס'האבן גערעכנט די שעפן פון וואל־סטריט אין צוזאמענהאנג מיט דער „קרוציאטע" אין אייראפע, איז נייטיק געווען א „זיכערער מענטש", און דער אויסוואל איז געפאלן אויף ברעדלין.

מ׳האָט אויסגעוויילט אַ טיפּישן אַמעריקאַנישן מיליטער־דינער, וואָס אַזעלכע זענען פֿאַראַן אין די מיזנמער, פֿון צווישן וועלכע עס קאָנען זיך אַרויסשלאָגן, נאַטירלעך, נאָר די, וואָס זענען אַמפּיינסטן רעאַקציאָנער און פּיינטלעך געשטימט צו אַלע געזעלשאַפֿטלעך „אומזיכערע״ עלעמענטן. „ער רייכערט נישט, טרינקט מעסיק״, באַגייסטערט זיך איינער פֿון זיינע ביאָגראַפֿן, „אַ געטרייער זון פֿון דער קריסטלעכער קירכע, אַ מאַסאָן...״, „זיין באַליבט בוך איז „איוואַנהאָע״ *), וואָס ער לייענט צוואַנציקסטן איין מאָל אין יאָר״.

אַלזאָ אַ ספּאָרטס־מאַן און אַ קאָרטן־שפּילער, אַ מאַסאָן און אַ הייליקער, אַ מעסיקער שיכּור, אַ ליבהאָבער פֿון „איוואַנהאָע״ און אַ ברוטאַלער הונט מיט געוווינהייטן פֿון אַ פּאָליציאַנט... ווי געבעכדיק עס זעט אויס דער גייסטיקער פּאָרטרעט פֿון דעם פֿאַשיסטישן גענעראַל, וואָס נישט אומזיסט רופֿט מען אים דער „משוואָק אָן אַ קעפּל״ (פֿון דעם וואָרט „בראַד״ — אַ טשוואָק; אַ טשוואָק אָן אַ קעפּל, אַזוי רופֿן אים זיינע מיטאַרבעטער, ווי מיר דערוויסן זיך דאָס פֿון דעם בוך „פֿאַמאָוס אַמעריקאַן גענעראַלס״, ניו־יאָרק 1946 יאָר).

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ברעדלי אָנטיילגענומען אין דער 7־חדשימדיקער קאַמפּאַניע אין טוניס, וווּ ער׳האָט זיך נישט מיט גאָרנישט אויסגעצייכנט ווי אויך אין דער סיציליער קאַמפּאַניע, וועגן וועלכן זיינע סטאַטירטע „לאָרבער־צושטעלער״ שטעלן פֿעסט פּינקטער און לאַקאָניש „ער האָט אָנטיילגענומען אין דער סיציליער קאַמפּאַניע״.

באַזונדערס שענדלעך האָט זיך ברעדלי אונטערגעשריבן אין דער צייט פֿון די דייטשישע קעגן־אַטאַקן אין אַרדענא. די צענטראַלע גרופּע פֿון ברעדלים אַרמיי איז צעקלאַפּט געוואָרן אויף צווייען, די אָנפֿירער־שאַפֿט פֿון דער אַרמיי איז אים אינגאַנצן אַרויס פֿון די הענט, „דער שטאַב פֿונעם 8־טן קאָרפּוס איז געצוווּנגען געווען צו אַנטלויפֿן, און קיינער האָט אין דער דאָזיקער צייט נישט געוווּסט אַפֿילו, וווּ ער געפֿינט זיך״. — האָט געשריבן דער פֿולקאָווניק ברענטאָן וואַלעס אינעם בוך „פּאַטאָן און זיין דריטע אַרמיי״. דאָס האָט זיך אויך באַצויגן צו אַלע אַנדערע שטאַבן, דער אונטערשייד איז באַשטאַנען בלויז אין דעם שטח, אויף וועלכן מע האָט זיך „איבערגרופּירט״, ווי אויך אין די טערמינען, אין וועלכע מע האָט זיי אויסגעזוכט.

---

*) „איוואַנהאָע״ — אַ היסטאָרישע דערציילונג פֿון דער מיטלאַלטער־צייט, פֿאָרטראַכט אויפֿן גרונט פֿון דער הערשאַפֿט פֿון ריטשאַרד ליובנהאַרץ, אָנגעשריבן פֿון דעם ענגלישן שרייבער וואַלטער סקאָט אין 1820 יאָר.

די סיטואַציע איז ,ווי באַקאַנט, געוואָרן זייער ערנסט, דער רוף פון ברעדלין נאָך הילף איז געווען אַזוי טראַגיש, אַז טשערטשיל האָט, פאַרבייסנדיק מיט די ציין, זיך געמוזט ווענדן צום הויפּט־אָנפירער פון דער סאָוויעטישער אַרמיי מיט אַ ביטע תיכּף צו שיקן הילף.

די אַלגעמיינע לאַגע אויף מערב האָט זיך געענדערט צום גוטן ביי די אַנגלאָ־אַמעריקאַנער ערשט אין רעזולטאַט פון דעם אָנגריף פון דער סאָוויעטישער אַרמיי, וועלכע איז געגאַנגען אויפןברייטן פראָנט פונעם באַלטיק ביז די קאַרפּאַטן.

נאָך דעם זענען די אַנגלאָ־סאַקסן און באַזונדערס ברעדלי געקראָכן פון זייער אייגענער הויט, אַבי נאָר צו דערגרייכן און באַהערשן בערלין — איידער עס וועלן דאָס טאָן די סאָוויעטישע זעלנער. דאָך זענען די אַמעריקאַנער אין זייער „געוואַלדיקן" מאַרש אויף בערלין ענלעך געווען צו אַ קעמפערישער טשערעפּאַכע פון די ברעגן פון שטילן אָקעאַן — די גענצערטקייט אַ גרויסע, און די שנעלקייט אַ נישטיקע. אחוץ דעם איז וועדן אונטערצושטרייכן, אַז די דייטשן האָבן „געשטערט" די באַוועגונג פון די אַמעריקאַנער נאָר אין דעם זין, וואָס זיי האָבן זיך מאַסנווייז אַרגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט, פאַרשפּאַרנדיק אַזוי אַרום אַלע וועגן.

נאָכן פאַרענדיקן די צווייטע וועלט־מלחמה זענען ברעדלים אַקציעס ווידער געגאַנגען אין דער הייך. די פיל אומדערפאָלגן אין דער לעצטער מלחמה האָבן נישט געשטערט זיין קאַריערע דערפאַר, ווייל ווידער זענען געווען באַקאַנט זיינע עקסטרעמע רעאַקציאָנערע איבערצייגונגען, און ער האָט זיך ווידער געפונען אונטער דער השגחה פון מאַרשאַלן און אייזנהאַוערן. איצט — ווי דער פאָרזיצער פון דער פאַראייניקטער שטאַב־שעפן גרופּע פון די באַוואָפנטע כּוחות פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ווי אויך פונעם אַטלאַנטישן פאַקט — טוט ער אַלץ פאַנאַנדערצובלאָזן דעם „קאַלטן קריג", בכדי צו הייבן די שפּאַנונג פון דער פּאָליטישער אַטמאָספער, שטרעבנדיק מיט תאוהדיקן באַגער צו פאַרוואַנדלען דעם קאַלטן קריג אין אַ הייסן: ד. ה. אין אַן אָפענער אינטערווענץ קעגן ראַטנפאַרבאַנד און די פאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער. ברעדלי באַמיט זיך מיט אַלע מיטלען, ווי דער נביא פון דער וואַסערשטאָף־באָמבע, צו אַלץ גרעסערע באַוואָפענונגען.

אַן שום סקרופּולן רעדט ער וועגן דער נויטווענדיקייט פון אַ „פּרעווענטיווער אַגרעסיע", וועגן באַהערשן נייע און פאַרשטאַרקן די שוין־עקזיסטירנדיקע מלחמה־באַזעס. „מיר דאַרפן זיין גרייט צו באַהערשן באַזעס, וועלכע מיר דאַרפן, און צו זייער פאַרטיידיקונג" — פּראָקלאַמירט ברעדלי

שטרעבנדיק צו פאַרגרעסערן די אַרמיי. מיט דער גאַנצער מענטשנפרעסערישער אויפריכטיקייט באַווייזט ער די „פּרעכטיקע פּערספּעקטיוון" פאַר דער אַמעריקאַנישער אַוויאַציע: „די פאַראייניקטע שטאַטן דאַרפן שטרעבן צו אַנטוויקלען די סטראַטעגישע אַוויאַציע-כּוחות מיטן ציל צו געבן אַ קלאַפּ די וויכטיקסטע לעבנס-פּונקטן פונעם קעגנער" און ווי ער וואָלט כּלומרשט מורא געהאַט, מע זאָל אים נישט חושד זיין אין איבעריקן הומאַניטאַריזם, פּרעציזירט ברעדלי ווייטער:

„איך רוף נישט צו אַ זינלאָזער פאַרניכטונג פון שטעט און מענטשן, אָבער פאַרט ווינען די אַרבעטער נאָענט צו די פאַבריקן. באַמבאַרדירנדיק די פאַבריקן וועט איר אויך באַמבאַרדירן די באַפעלקערונג".

האַנלדענדיק מיט זעלטענער גראָבקייט און פּרימיטיוון סטיל (נישט אומזיסט האָט ער צו זיך צוגעצויגן גודעריאַנען און האַלדערן) און מיט אמתער גראָב-הויטיקייט פון אַ ביזנעס-מאַן, פאָדערט ברעדלי פון די וואָל־סטריט־וואַסאַלן צו פאַרמירן גרויסע יבשה-אַרמייען, אַרויסגייענדיק פון דער ציניש ער ביישפּיללאָזער פאָרמולע: „די פאַראייניקטע שטאַטן וועט ווערן פאַרמרויט די סטראַטעגישע באַמבאַרדירונג... דער קערן פון דער צאָל יבשה-כּוחות וועט בילדן דאָס אייראָפּעישע מיליטער".

מיר האָבן שוין דערמאָנט אין אָנהייב, אַז ברעדלי האַלט „איוואַנהאָע" פון וואַלטער סקאָט פאַר דער סאַמע אַנשפּרעכנדיקער לעקטור, וואָרשיינלעך האָט אַ באַזונדערע ווירקונג אויף אים דער פאָלגנדיקער עפּיגראַם פון דעם דאָזיקן ווערק:

„אַזוי האָבן זיי געטריבן אין אָוונט, רעדנדיק צווישן זיך,
זייערע אויסגעפּאַשעטע חזירים אַהיים,
זיי דאַקעגן, קוויטשענדיק אונטער דער בייטש,
זענען נישט גערן געלאָפן צו זייער שטאַל"

לייענענדיק ווער ווייסט צום וויפלסטן מאָל די דאָזיקע סטראָפן, זעט זיך דער גענעראַל ברעדלי אין די געדאַנקען מיט אַ לאַנגער בייטש אין דער האַנט און ווי אַ סטאַדע — דאָס פאָלק פון די מאַרשאַל-לענדער, וועלכע זענען, אפשר, נישט אַזוי אויסגעפּאַשעט ווי די חזירים פון וואַלטער סקאָט, אָבער פאַרט אונטערטעניק דעם אָנטרייבער, און אָן אַ געפילדער לויפן זיי אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג.

נישט שטיין־געבליבן ביי מערב־אייראָפּע, איז ברעדלי צוזאַמען מיט דזשאָנסאָנען מיט אַ צייט צוריק געווען אויף אַן אינספּעקציע פון די באַזעם אויפן שטילן אָקעאַן אין אַזיע, אין האַוואַיע, אויפן אינדזל גואַם, אויף אָקינאַוואַ און אין טאָקיאָ. די געהיימע באַראַטונגען מיט מאַק־אַר־

טורן און דאַלעסן איז געווען דער קולמינאַציע־פּונקט פון דער רייזע פון דער קליקע מלחמה־אונטערצינדער.

די באַראַטונג, ווי עס איז שוין איצט באַקאַנט, האָט געהאַט פאַר אַן אוממיטלבאַרן ציל אָנצופאַלן אויף דער קאָרעישער פאָלקס־רעפּובליק.

דאָס אַמעריקאַנישע מיליטער אין קאָרעע האָט געוואָלט אונטער דעם צודעק פון אונזאַ רעאַליזירן די פאַרבּרעכערישע פּלענער פון די וואָל־סטריט־מאָנאָפּאָליסטן, וועלכע זענען באַאַרבעט געוואָרן דורך אַמאָל ברעדלי.

דער שלימזלדיקער סטראַטעג האָט שוין געקוקט איבערצייגנדיק דערזאָגט זיין צווייפלהאַפטן טאַלאַנט אויפן מערב, די אָפּעראַציעס אין קאָרעע האָבן אים אויך קיין לאָרבעקרענץ נישט געבראַכט.

און זיין קאַמף פאַר פרייהייט פאַרטיידיקט דאָס העלדישע קאָרעישע פאָלק יעדן שפּאַן ערד פון זיין פאָטערלאַנד קעגן די אַמעריקאַנישע פאַרכאַפּערס. עס באַנקראָטירט נאָך אַמאָל די היטלעריסטיש־אַמעריקאַנישע סטראַטעגיע פון בליצקריג, און צוזאַמען מיט דעם ווערט בלאַס דער שטערן פון דעם שלימזלדיקן סטראַטעג — אַמאָל געלויבן ברעדלי.

ר. ראָסאָדין

## דער אַמעריקאַנער גובערנאַטאָר פון מערב־אייראָפּע *

דעם 22־טן דעצעמבער פ. י. האָט אַטשעסאָן, אויף אַ געשלאָסענער זיצונג פון דער קאָמיסיע פאַר אויסערן־ענינים פונעם אַמעריקאַנער קאָנגרעס, געהאַלטן אַ רעפעראַט וועגן די רעזולטאַטן פון דער בריסעלער קאָנפערענץ פון די אויסערן־מיניסטאָרן פון די לענדער, וועלכע זענען אָנגעשלאָסן אין צפון־אַטלאַנטישן פּאַקט. אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דאָזיקער זיצונג האָט דער אַמעריקאַנער מלוכה־דעפּאַרטאַמענט אָפּגעגעבן אַ ספּעציעלע דערקלערונג פאַר דער פּרעסע. קאָמענטירנדיק די דערקלערונג, האָבן די צייטונגען דער עיקר אַרומגערעדט די פאַרשטענדיקונג אין בריסל וועגן שאַפן די אַזוי גערופענע „אַליאירטע פאַראייניקטע אַרמיי" פונעם צפון־אַטלאַנטישן בלאָק און וועגן דער באַשטימונג פון גענעראַל אייזענהאַוער אַלס הויפּט־אָנפירער פון דער דאָזיקער אַרמיי.

עס איז באַקאַנט, אַז די אַמעריקאַנישע מיליטערישע קליקע האָט שוין פון לאַנג געפאָדערט צו נעמען אונטער איר קאָמאַנדע די אַרמייען פון די צפון־אַטלאַנטישע סאַטעליטן. באַלעבאַטעווען לויטן אייגענעם איינזען מיטן האַרמאַטן־פלייש פון מערב־אייראָפּע — אָט דאָס איז איר געגאַרטער ציל. אין איצטיקן מאָמענט האַלטן די אַמעריקאַנישע הערשנדיקע קרייזן, אַז זיי זענען שוין נאָענט צום דאָזיקן ציל.

באַהאַנדלענדיק דעם געהיימען רעפעראַט פון אַטשעסאָנען אין קאָנגרעס, שטעלן די אַמעריקאַנער צייטונגען פעסט, אַז דער גענעראַל אייזענהאַוער וועט באַקומען אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן. ער וועט האָבן די רעכט „צו פאַרשטענדיקן זיך אומאָפּהענגיק מיט די שעפן פון די מלוכות, וועלכע באַטייליקן זיך אין צפון־אַטלאַנטישן פּאַקט, וועגן פראַגן פון אָרגאַניזאַציע און פון באַנוצן זיך מיט די אים אונטערגעאָרדנטע אייראָפּעאישע באַוואָפנטע כוחות". אייזענהאַוער, — שרייבט דער „ניו־יאָרקער העראַלד טריביון", — וועט האָבן „די נישט אָפיציעלע מאַכט צו אָרגאַניזירן

* ווי באַקאַנט, איז אויפן אָרט פון אייזענהאַוערן באַשטימט געוואָרן דער תלין פון קאָרעישן פאָלק גענ. רידזשוויי — רעד.

און אַנטוויקלען די דאָזיקע באַוואָפנטע כוחות לויט זיין איינזען". „דאָס
באַדייט — גיט די צייטונג צו פאַרשטיין, — אַז די רעגירונגען פון די
צפון־אַטלאַנטישע לענדער וועלן אייזענהאַוערן אָפּטרעטן די דירעקטע
קאָנטראָל איבער זייערע אייגענע אַרמייען."
די פּרעסע ווייזט אָן, אַז קיין אייראָפּע וועלן אַראָפּגעשיקט ווערן נייע
קאָנטינגענטן אַמעריקאַניש מיליטער, וועלכע דאַרפן „צעמענטירן די אייר־
ראָפּעישע אַרמיי".
אַפילו פון די דאָזיקע פאָרמולירונגען איז נישט שווער צו פאַרשטיין,
אַז דאָ האַנדלט זיך פּאַקטיש אין ליקווידירן די סוווערעניטעט פון די
מערב־אייראָפּעישע לענדער, פאַרוואַנדלען זיי אין אַן אַמעריקאַנישער קאַ־
זאַרמע, ווי אויך אין באַשטימען דעם גענעראַל אייזענהאַוער אַלס מיליטע־
רישן גובערנאַטאָר פון מערב־אייראָפּע.
עס האַנדלט זיך נישט בלויז אין דעם מיליטערישן אונטעראָרדענען
זיך, נאָר אין דער פולשטענדיקער עקאָנאָמישער אָפּהענגיקייט פון די מערב־
אייראָפּעישע לענדער פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם. אַטשעסאָן האָט
געמאָלדן, אַז צוזאַמען מיט אייזענהאַוערן ווערט קיין אייראָפּע אַראָפּגע־
שיקט אַן אַזוי גערופענער אַמעריקאַנער עקאָנאָמישער קאָאָליציע, וועל־
כער דאַרף איבערשטעלן אויף מלחמה־צוגרייטונג די עקאָנאָמיק פון מערב־
אייראָפּע.
אין וואַשינגטאָן איז שוין געשאַפן געוואָרן דער אַזוי גערופענער קאָ־
מיטעט פאַר ענינים פון אינטערנאַציאָנאַלער זיכערקייט, וועלכער וועט, לויט
ווי מע האָט געמאָלדן, „קאָאָרדינירן די קעגנזייטיקע באַציונגען פון די
אַמעריקאַנישע קריגס־רעסאָרטן אין די לענדער פון צפון־אַטלאַנטישן
פּאַקט" און אָנפירן מיט דער מיליטערישער און עקאָנאָמישער „קעגנזיי־
טיקער הילף"... שוין גופא דער פאַקט, וואָס בראש פון דאָזיקן קאָמיטעט
שטייט דער אינדוסטריעלער און באַנקיר — קאַבאָט און וואָס אין זיין
באַשטאַנד גייט אויך אַריין דער פינאַנס־מאַגנאַט און טרומאַנס ראַטגעבער
אַווערעל האַרימאַן, באַווייזט, צו וואָס עס וועט זיך אין דער אמתן רעדנ־
צידן די „עקאָנאָמישע קעגנזייטיקע הילף".
פּונקט ווי נאָכן מינכענער אָפּמאַך מיט היטלערן, האָט טשעמבערליין
געשריגן, אַז ער האָט „געראַטעוועט אייראָפּע פון מלחמה", אַזוי האָט
אויך דער אַמעריקאַנישער אויסערן־מיניסטער אַטשעסאָן, אומקערנדיק זיך
פון בריסעל, דערקלערט אַלס „אַ גרויסן צושטייער פאַר דער זאַך פון
שלום" דעם הסכם פון די אימפּעריאַליסטן וועגן צוריק באַנייען די מערב־
דייטשישע פאַשיסטישע אַרמיי. דער שענדלעכער און פאַרברעכערישער
אַקט צווישן דער אַמעריקאַנישער סאָלדאַטעסקע מיט די דייטשישע פאַ־

שיסטן ווערט אוועקגעשטעלט ווי די הויפט־„דערהרייכונג" פון דער אמע־ריקאנישער אויסערן־פאליטיק.

די אמעריקאנישע פרעסע, באהאנדלענדיק דאס שאפן די מערב־דיי־טשישע ארמיי, שטרייכט אונטער אויף כלערליי אופנים, אז די דאזיקע ארמיי וועט כלומרשט פארמידט ווערן אין אפטיילונגען, וואס זייער צאל וועט נישט גרייכן מער ווי פינף טויזנט מענטשן און וועט מיט זיך כלומרשט נישט פארשטעלן קיין זעלבסשטענדיקע ארמיי. אבער פאר אלעמען איז קלאר, אז דאס איז בלויז א נישט געלונגען מאסקירן זיך.

די ציימונג „הערעלד טריביון" האט אפנהארציק געשריבן, אז די היטלעריסטישע גענעראלן באקומען צו זייער דיספאזיציע „טאנקען און אוויאציע־אונטערשטיצונג, וואס שליסט נישט אוים די פארמירונג פון דייט־שישע פוס־גייער־דיוויזיעס"... „מיט דעם ברידעלער באשלוס וועגן שאפן באלד פון אנהייב א צוויי־הונדערט־טויזנט־קעפיקע מערב־דייטשישע ארמיי — שרייבט דער „דיילי ווארקער" — האבן אמשעסאן און אייזענהאוער אויפגעעפנט דאס גרינע ליכט פאר צדיקקער פון די פאשיסטן".

די אמעריקאנישע צייטונגען באהאלטן נישט אוים דעם פאקט, אז אויף דער מערב־דייטשישער ארמיי ליגט וואשינגטאן די וויכטיקסטע האפ־ענונגען אין דער צוגרייטונג פון דער אגרעסיע אין איראפע. „געוויסע בריטישע און אמעריקאנישע מיליטערישע פירער זענען נישט אינגאנצן זיכער אין די פעיקייט און אינעם ווילן פון די פראנצויזן צו האנדלען לויט דעם אמעריקאנישן באפעל" — באמערקט דער „ניו־יארק טיימס". „גע־וויסע אמעריקאנישע גענעראלן — קאנטינואירט די צייטונג — זענען ביי דער מיינונג, אז די פראנצויזן ווילן נישט קעמפן".

וואס שייך דעם גענעראל אייזענהאוער, האט ער אין זעלבן טאג, ווען ער איז נאמינירט געווארן אלס הויפט־אנפירער פון די באוואפנטע כחות פון צפון־אטלאנטישן פאקט, זיך געאיילט צו דערקלערן, אז ער „וועט זיין גליקלעך צו האבן אונטער זיין קאמאנדע די דייטשן פון מערב־דייטש־לאנד". איצט וועט זיך שוין דער גענעראל אייזענהאוער נישט באווייזן אויף די קינא־עקראנען אין דער מאגע פון אן אוניווערסיטעט־דירעקטאר, נאר אין פולן גענעראלישן מונדיר. דער דאזיקער מענטש פון צוויי־פלהאפטע „העלדן־טאטן" ווערט איצט רעקלאמירט אלס דער „מיליטערישער געני", וואס איז באריפן צו „באנייסטערן איראפע" און „ראטעווען זי פונעם קאמוניזם".

דער געוועזענער שעף פון ראָמעלס שטאַב אין אָקופּירטן פראַנק-רייך, דער פאַשיסטישער גענעראַל האַנס שפּײדעל, וועלכער איז באַשטימט געוואָרן אַלס אייזענהאַוערס געהילף ביים אָרגאַניזירן די מערב־דייטשישע אַרמיי, ווערט פאַרגעשטעלט דורך דער אַמעריקאַנישער פּרעסע שיעור נישט אַלס אַן אַמתדיקער אַנטי־פאַשיסט.

אַט אַזוי ווערט געפירט די פּסיכאָלאָגישע צוגרייטונג פאַר אַן אָפענער פאַרבינדונג צווישן וואָל־סטריט מיט די מערב־דייטשישע פאַשיסטן.

ס. מאַקסימאָוו

## טריגווי־לי — אַן אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטישע מאַריאָנעטקע

בעת זיין פּאַרווײַלן אין ניו־יאָרק האָט דער גענעראַל-סעקרעטאַר פון אונאָ, טריגווי־לי, פּאַרזוכט דעם טעם פון דער אַמעריקאַנישער רעקלאַמע. זיין פאָטאָגראַפיע איז נישט אַראָפּגעגאַנגען פון די שפּאַלטן פון דער דאָר־טיקער פּרעסע. די שמירער פון די גאַסן-צייטונגען האָבן זיך ברייט צע־שריבן וועגן פּרטים פון זיין פּערזענלעכן לעבן. אַ מוסטער פון דער דאָזי־קער רעקלאַמע־ליטעראַטור איז די לוקסוס־אויסגאַבע פון טריגווי־ליס אויי־טאָריזירטע ביאָגראַפיע. דער אויטאָר פון דער ביאָגראַפיע איז אַ געוויסער האַנס אַמונדסען, אָבער בייזע צינגער זאָגן, אַז דער אינספּיראַטאָר פון דער אויסגאַבע איז געווען דער העלד פון דער ביאָגראַפיע אַליין.

דאָס בוך, וואָס אַנטהאַלט 50 פאָטאָגראַפיעס, וועלכע שטעלן פאָר דאָס „יינגל פון גראַרוד" אין פאַרשידענע פּאָזיציעס מיט טרומאַנען, בירנעסן, אידענען, מיטן קעניג, מיטן פאַרטרעטער פון טראַן, — טראָגט דעם פאָלגנדיקן סענסאַציאָנעלן נאָמען: „טריגווי־לי דאָס יינגל פון גראַרוד, וועלכער איז געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע נאַ-ציעס."

דער מאָן און כאַראַקטער פון דער דאָזיקער שאַפונג איז זייער כאַ־ראַקטעריסטיש פאַר די אייגנשאַפטן פון די אַמעריקאַניזירטע פּאָליטיקער.

דער מחבר רעקלאַמירט זיין העלד אָן שום מאָס, אָנהייבנדיק פון זיין פריער קינדהייט, ווי אַ זון פון דעם נאָרוועגישן סטאָליאַר מאַרטינאַ לי, וועלכער עמיגרירט קיין אַמעריקע. דער קליינער טריגווי איז אַ גוט, פיין און וווּיל יינגל. ער האָט זיך נישט באַהאַלטן אונטערן קלייד פון זיין מוטער, ווען ער האָט דערזען פרעמדע מענטשן. ווען דער דאָקטער האָט איינמאָל געפרעגט דעם קראַנקן טריגווי: „וואָס וואָלט ער געוואָלט זיין, ווען ער וועט אויסוואַקסן?", האָט דער קליינער געענטפערט — „אַ גענע־ראַל", איבערהיפּערנדיק מיטאַמאָל אַלע מיטעלע ראַנגען.

דאָס „יינגל פון גראַרוד" ווערט פאָרגעשטעלט, נישט געקוקט אויף זיין נאָרוועגישן אָפּשטאַם, ווי אַ טיפּישער אַמעריקאַנישער „סעלפמאַדע־

מאַן", וועלכער האָט מיט זיין איטענער געשיקטקייט דעראָבערט זיין קאַריערע אויף דער וועלט.

ווען די מוטער פון טריגווי האָט געעפנט א קראָם איז דער דרייצן־יעריקער זון באַלד געוואָרן איר אָנשפּאַר, אַרויסווייזנדיק דערביי א סך אינטערעס פאַר האַנדל.

„טריגווי — שרייבט זיין ביאָגראַף — האָט אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינטלעכע פעיקייטן אין דעם דינגען זיך מיט די פירמעס, ביים באַקומען ראַבאַט, ביים פעסטשטעלן דעם אַסאָרטימענט פון די סחורות. ער האָט גערעכנט און געחשבונט, ווי דער סאַמער בעסטער און דערפאַרענער סוחר".

„צי איז דאָס נישט קיין גוטער אָנהייב פאַר א קומענדיקן האַנדלס־ און אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער" — ווערט נתפעל דער ביאָגראַף.

אַזוי ווי אין דער וויגיליע־לעגענדע, באַווייזט זיך, אויסגערעכנט אויפן געשמאַק פון קליינבירגער בעל־צדקה — א רייכער סוחר און אַן ערד־אייגנטימער פ. מאַהייסן, וועלכער העלפט טריגווי־לי זיך צו בילדן. אָבער נאָכן פאַרענדיקן דעם אוניווערסיטעט האָט טריגווי־לי פאַרשטאַנען, אַז א מענטש, וואָס שטאַמט פון די אונטערשטע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, קאָן אין נאָרוועגיע ווערן א גענעראַל נאָר אין א מעשהלע. ער האָט באַשלאָסן צו מאַכן זיין קאַריערע אין אַן אַנדערער ריכטונג. דער בורזשואַזיע איז נייטיק געווען אַן אַגענטור אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, און טריגווי־לי ווערט א באַצאָלטער באַאַמטער אין די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

יאָר 1917... די געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן אויפגעציטערט די וועלט. די אָקטאָבער־רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופן א נייע פאַליע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג אין נאָרוועגיע. דורכן לאַנד איז אַדורך א כוואַליע פון שטרייקן, עס זענען סמיכיש אַנטשטאַנען אַרבעטער און זעלנער־ראַטן. האַנס אַמונדסען מאַכט באַמיונגען צו באַווייזן דעם אַליבי פון זיין קליענט, אַז ער האָט נישט אָנטייל גענומען אין קיין שום פּראָגרעסיווע אַרבעטער־באַוועגונג, אַז ער איז תמיד געווען אין רעכטן פליגל פון דער פּאַרטיי. מיט איראָניע באַמערקט אַמונדסען, אַז אַפילו אין דער פוטבאָל־מאַנשאַפט איז ער געווען „א רעכטער פליגל".

דאָס קאַפּיטל, וואָס באַשרייבט די אויפטרייסלדיקע יאָרן 1918—1921, כאַראַקטעריזירט די פּאָליטישע און מאָראַלישע פיזיאָנאָמיע פון דעם 25־יעריקן קאָמיטעט־מיטגליד פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט און סעקרעטאַר פון דער אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע אין אַקער. עס באַקומט זיך א געשטאַלט פון א דעמאַגאָג און צווייזייטיקן מענטש. טריגווי־לי איז פולשטענדיק פריי פון וועלכע ס'איז **פּאָליטישע פּרינציפּן. ער** באַמיט זיך

מיט צביעותדיקע פראַזן וועגן כלומרשטער פאַרטיידיקונג פונעם אַרבעטער, צוצופאַסן זיך צו די שטימונגען פון די מאַסן, באַהאַלטנדיק פאַר זיי זיין צעברעכערישע טעטיקייט, וואָס האָט פאַר אַ ציל צו צעקלאַפן די אַרבעטער־באַוועגונג. האַנס אַמונדסען זאָגט אָפן, אַז צביעות איז „דער שטאַרקסטער טאַקטישער שטריך אין זיין כאַראַקטער". דער ביאָגראַף אַנטציקט זיך מיט דעם „פראַקטיציזם" פון דעם יונגן מענטשן, „וועלכער האָט געשטרעבט צו קליינע סוקצעסן פון טאַקטישן כאַראַקטער, אָבער וואָס זיינע אייגענע אָנשויונגען אויף פרינציפיעלע פראַגן האָט קיינער נישט געקאַנט". אין יאָר 1919 האָט טריגווי-לי, אויפן צוזאַמענפאָר פון דער אַרבעטער־פאַרטיי, רעפּרעזענטירט דעם רעכטן פליגל אָבער —

„די רעוואָלוציע האָט געזיגט — אמת נישט אין דער נאָרוועגישער געזעלשאַפטלעכער סטרוקטור, נאָר אין דער אַרבעטער־פאַרטיי, ווו די אַלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע לייטונג איז אַראָפּגעוואָרפן געוואָרן. ס'האָט זיך געשאַפן אַ נייע סיטואַציע, און טריגווי־לי, וועלנדיק קאָנטינויִרן זיין פאָליטישע טעטיקייט, האָט געמוזט פאָרמולירן זיין שטעלונג".

טריגווי־לי האָט פאָרמולירט זיין שטעלונג. ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די פאָליטיקער, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז זיי זענען אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע, און שטילערהייט צוגעגרייט אַ שפּאַלטונג אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. וועלנדיק זיך אויפהאַלטן אין דער פאַרטיי ביז צו די „גוטע צייטן", האָבן זיי פאַרכאַפּט אין זייערע הענט די אָנפירונג פון דער פאַרטיי און צוגעגרייט צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע אַן אַטאַקע אויף דעם פּראָגרעסיוון פליגל, וועלכער האָט אין יענער צייט געהאַט אויף זיין זייט די מערהייט פונעם אָרגאַניזירטן אַרבעטער־קלאַס אין נאָרוועגיע.

אָן שום בושה דעקט אויף דער מחבר פון דער ביאָגראַפיע די נבזהדיקע און געמיינע פּאָליטיקעריי, וועלכע פאַראַט די אינטערעסן פונעם אַרבעטער־קלאַס.

די טובות, וואָס טריגווי־לי האָט געטאָן דער נאָרוועגישער בורזשואַזיע פאַר דער צייט וואָס ער איז טעטיק געווען אין דער אַרבעטער־באַוועגונג, זענען פאַרשטענדלעך נישט שלעכט אָפּגעצאָלט געוואָרן. שוין אין יאָר 1920, ווען זיינע אוניווערזיטעט־קאָלעגן האָבן נאָך געאַרבעט ביי גרויסע אַדוואָקאַטן און באַקומען צו 200 קראָנען מאָנאַטלעך, האָט טריגווי־לי זיך שוין געקויפט אַ ווילע אין „סאָל" און פאַרדינט פאַר 41 טויזנט קראָנען. ווי מיר זעען האָט דער דאָזיקער „סאָציאַליסט" פרי אָנגעהויבן מיט דערפאָלג אַריינצוּוואַקסן אין קאַפּיטאַליזם.

אין יאָר 1922 ווערט טריגווי־לי דער הויפּט־ראַט־געבער פון דעם נאָרוועגישן פאַרבאַנד פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

זיין קאריערע איז א זיכערע. דער מייסטער פון הינטער-קוליסן־אינ־טריגעס און שמוציקע קאמבינאציעס נעמט אנטייל אונטער די פליצעס פון די ארבעטער אין אלע טראנזאקציעס צווישן די ביוראקראטן פון די פראפאריינען און דעם פארבאנד פון די אייגנטימערס. טריגווי-לי איז קעגן שטרייקן, ער איז פאר אן אפמאך מיט די ארבעטס-געבער פאר יעדן פרייז: „אלע פארן מיר אויף איין פערד". ער מיידט אויס ארויסצוטרעטן אויף ארבעטער־פארזאמלונגען, ער ווערט אבער זייער גערן אויפגענומען אין די בורזשואזע סאלאנען אין אסלא, ווו ער פילט זיך ווי אן „אייגענער מענטש". דער ביאגראף שטעלט אים פאר ווי אן אידעאלן טיפ פון א סאציאל־דעמאקראטישן פירער, וואס קאן ביים קיילעכדיקן טיש קומען צו א פארשטענדיקונג מיט דער בורזשואזיע.

דרייצן יאר האט טריגווי־לי אויסגעפירט די ראל פון א קאפיטאַ־ליסטישן אגענט אין דעם נארוועגישן פארבאנד פון די פראפעסיאנעלע פאַ־ריינען. אין יאר 1935 דערגייען די רעכטע סאציאל־דעמאקראטן מיט דער הילף פון די בורזשואזע פארטייען צו דער מאכט. טריגווי-לי ווערט יוס־טיץ־מיניסטער, דער דאזיקער יוסטיץ־מיניסטער איז פול מיט גענאד פאר די פאשיסטן, וואס שטרעבן אפן צו פארכאפן די מאכט — ער אונטער־דריקט אבער אומברחמנותדיק די ארבעטער פאר „אומלעגאלע" שטרייקן.

צוליב מורא פאר דער אומצופרידנקייט פון די מאסן האט די רעכטע סאציאל־דעמאקראטישע ליטונג געהאלטן פאר נייטיק אין יאר 1939 איי־בערצוטראגן טריגווי־לי אויף דעם אמט פון האנדלס־מיניסטער. דעם דריטן אקטאבער יאר 1939 בייט ער די טעקע פון האנדלס־מיניסטער אויף מיניסטער פאר אפראוויזאציע. דעם דאזיקן נייעם אוואנס האט טריגווי־לי צו פארדאנקען דעם פארבאנד פון גרויסע סוחרים, וועלכער האט אים פארגעדענקט זיינע פארדינסטן, ווען ער איז נאך געווען א יורידישער ראט־געבער פונעם סוחרים־פארבאנד. זיי האבן אנערקענט, אז קיינער וועט נישט קאנען בעסער פון אים פארטיידיקן די אינטערעסן פון די גרויסע סוחרים און שפעקוליאנטן.

ווען די נארוועגישע רעגירונג האט זיך אין יאר 1940 עוואקואירט קיין ענגלאנד האט זיך ארויסגעוויזן, אז דער אויסערן־מיניסטער האל־דאנקאפ איז פאר טשערטשילן א צו אומאפהענגיקער מענטש, און אין יאר 1940 באקומט ער „אורלויב". גלייבצייטיק ווערט געזוכט אן אנט־שפרעכנדיקע מאריאנעטקע. דער אויסוואל פאלט אויף טריגווי־לי. דעם 21 פעברואר ווערט ער נאמינירט פאר אויסערן-מיניסטער פון דער נאר־וועגישער עמיגראציע־רעגירונג אין לאנדאן.

טריגווי־לי פאַרשטייט זייער גוט וואָס מען פאַרלאַנגט פון אים: אַ גאַראַנטיע, אַז אויך נאָך דער מלחמה זאָל נאָרוועגיע זיין אויפן שטריקל פון דער אַנגלאָ־אַמעריקאַנישער פּאָליטיק. שוין אין דער ערשטער פּראָגראַם־רעדע גיט ער די דאָזיקע גאַראַנטיע:

„מיר דאַרפן אַזאַ אינטערנאַציאָנאַלע צוזאַמענאַרבעט, וואָס זאָל אונדז קודם־כל שטאַרק צוזאַמענבינדן מיט די פעלקער פון מערב... אונדזער ווילשטאַנד, אונדזער ווירטשאַפטלעכע צוקונפט, דער אויפבלי פון אונ־דזער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג איז אָפּהענגיק דערפון.... קודם־כל פון דעם וועלט־אימפּעריום און פון דעם בריטישן פאָלק, די סאַמע גרעסטע פאַראייניקונג פון מלוכות אין דער הייַנטיקער וועלט, און פון די מעכטיקע און רייכע פאַראייניקטע שטאַטן."

בוקן זיך פאַר דעם אַנגלאָ־אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם אין דער צייט פון דער מלחמה, אין דער צייט ווען זיין לאַנד איז געפאַלן אַ קרבן פון דער פּאָליטיק, וואָס האָט אויסגעהאָדעוועט און אוועקגעשטעלט אויף די פיס דעם דייטשישן פאַשיסטישן אַגרעסאָר — דאָס איז דער פּראָגראַם פון טריגווי־לי.

דער מחבר פון דער ביאָגראַפיע, אויסלויבנדיק דעם דערפאָלג, מיט וועלכן ס'האָט זיך באַרימט געמאַכט דאָס „יינגל פון גראָרוד" אין די איינפלוס־רייכע קרייזן אין ענגלאַנד און אין אַמעריקע, שרייבט:

„מע קאָן אָן שום איבערטרייבונג פעסטשטעלן, אַז טריגווי־לי איז געוואָרן דער אַממיינסטן חשובער און געשעצטער מענטש אין די לאָנדאָ־נער קאָסמאָפּאָליטישע קרייזן אין דער צייט פון דער מלחמה".

נאָכן אויסוויילן טריגווי־לי פאַרן גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָר־גאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַן אַנטשפּרעכנדיקער אויספירער פון דער אימפּעריאַליסטישער פּאָ־ליטיק פון מאַנטירן אַגרעסיע־בלאָקן און פאַרוואַנדלען די אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס אין אַ דעפּאַרטאַמענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

דאָס בוך פון האַנס אַמונדסען, דאַרף באַווייזן, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן געמאַכט אַ גוט געשעפט, אויסקלייבנדיק טריגווי־לי. דער מחבר, וועלנדיק פאַרשטעלן זיין קליענט אין סאַמע בעסטן ליכט, האָט קעגן זיין אייגענעם ווילן געמאָלן אַ פּאָרטרעט, וועלכער באַווייזט זיין אמתן אומאָנגענעמען פּרצוף.

מיט זיין טעטיקייט האָט טריגווי־לי אין אַ גענוגנדיקער מאָס באַוויזן, אַז ער אַנטשפּרעכט נישט די פאָדערונגען, וואָס דאַרפן געשטעלט ווערן אַ

גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. די וויכטיקסטע אויפגאַבע פון אַ גענעראַל־סעקרעטאַר — איז שטיין געטריי אויף דער וואַך פון דער אונאָ־קאַרטע און ווירקן צו פאַרשטאַרקן דעם אינטערנאַציאָנאַלן שלום און די זיכערקייט, וועלכע טריגווע־לי האָט שוין פיל מאָל ברוטאַל געבראָכן און ברעכט ווייטער. אַנשטאָט דעם, ער זאָל אין הסכם מיט דער קאַרטע פון אונאָ פאַראורטיילן דעם אַטלאַנטיק־פּאַקט, וועלכער איז אַן אַגרעסיווע פאַרשווערונג קעגן דעם שלום, לויבט טריגווע־לי עפנטלעך דעם דאָזיקן פּאַקט. אַנשטאָט דעם ער זאָל אין הסכם מיט דער אונאָ־קאַרטע קאַטעגאָריש פאַרלאַנגען פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואָס אויף זייער טעריטאָריע געפינט זיך דאָס הויפּט־זיץ־אָרט פון אונאָ, אָפּצוהיטן אַלע רעכט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, אָפּראַבירט טריגווע־לי שווייגנדיק דאָס אומפאַרשעמטע שטערן פון די רעכט דורך די פאַראייניקטע שטאַטן. אַנשטאָט דעם ער זאָל פּראָטעסטירן קעגן דעם אומלעגאַלן שאַפן פון דעם אַנגלאָ־זאַקסישן בלאָק, די אַזוי גערופענע „צווישן סעסיע־קאָמיטעט", האָט טריגווע־לי מיט צופרידנקייט באַגריסט דאָס קומען אויף דער וועלט פון דעם מפּיל־קינד פונעם סטייטס־דעפּאַר־טאַמענט, וועלכער האָט פּאַקטיש פאַר אַן אויפגאַבע אונטערצוגראָבן דעם זיכערהייטס־ראַט. אַנשטאָט צו דינען די זאַך פון שלום, ווי עס פּאַסט פאַר אַ גענעראַל־סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע נאַציעס, איז טריגווע־לי גע־וואָרן אַ פּראָפּאַגאַטאָר פאַר מלחמה, אונטערשטיצנדיק אָפן די בלוטיקע אַגרעסיע־פּאָליטיק פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווי מיר זען, האָט טריגווע־לי אַנטוישט דעם צוטרוי פון די פעלקער און באַוויזן, אַז ער טויג זיך אַבסאָלוט נישט אויף דעם פּאָסטן פון אַ הויפּט־אַדמיניסטראַטאָר און פאַרשטייער פון די פאַראייניקטע נאַציעס.

לעצטנס, ווען דער טערמין פון טריגווע־לי׳ס באַפולמעכטיקונג איז אויסגעגאַנגען, וואָלט געווען נאַטירלעך צו נאָמינירן אַן אַנדערן מענטש אויף זיין אָרט. אָבער די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך קאַטעגאָריש אַנטקעגנגעשטעלט. הגם זי האָט נישט אַרויסגערוקט קיין באַוואָרענישן קעגן די פּראָפּאָנירטע קאַנדידאַטן אויפן אַמט פון אַ גענע־ראַל־סעקרעטאַר: דעם הינדוס נערג ראַו, דעם מעקסיקאַנער נערוואָ, דעם פיליפּינער ראַמולאָ, האָט דאָך אַסטין, אויסאיבנדיק אַן צערעמאָניעס אַ דרוק אויף דער פאַרזאַמלונג, דערקלערט, אַז די פאַראייניקטע שטאַטן זענען נישט מסכים אויף קיין שום אַנדער קאַנדידאַטור אויסער אויף טריגווע־לי און אַז זיי וועלן אָנווענדן דעם „וועטאָ" קעגן יעדער אַנדערער קאַנדידאַטור אויפן אַמט פון אַ גענעראַל־סעקרעטאַר. אָט ווי טריגווע־לי

איז געפעלן געוואָרן דעם סטייטס־דעפּאַרטאַמענט ווי אַ געהאָרכזאַמער אויספירער פונעם ווילן פון וואָל־סטריט. מורא האָבנדיק, אַז די דאָזיקע מאַכינאַציע וועט זיך נישט איינגעבן, האָט די אַמעריקאַנישע דעלעגאַציע אַריינגעטראָגן אַ פאָרשלאָג צו פאַרלענגערן די באַפולמעכטיקונג פאַר טריגווי־לי נאָך אויף אַ צוויי־דריי יאָר.

ווי באַוווּסט ווערט דער גענעראַל־סעקרעטאַר נאָמינירט דורך דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויף פינף יאָר און דאָס נאָר אויפן פאָרשלאָג פונעם זיכערהייטס־ראַט, אָנגענומען דורך 7 שטימען, איינשליסנדיק די שטימען פון די פינף־מלוכות — די שטענדיקע מיטגלידער פונעם ראַט — אַזוי אַרום האָט די אַמעריקאַנישע דעלעגאַציע ברוטאַל אָנגערירט די קאַרטע פון אונאָ און די רעכט פונעם זיכערהייטס־ראַט, בדי זי זאָל קאָנען אַדורכפירן איר מאַריאָנעטקע. מע דאַרף אונטערשטרייכן, אַז טריגווי־לי׳ס פּראָאַמעריקאַניש טעטיקייטס־פעלד איז זייער אַ ברייטס. אָנהייבנדיק פון אַרויסווייזן קליינע געפעליקייטן דעם אַמעריקאַנישן שפּיאָנאַזש־אַמט דורך אַריינזעצן אַנטיראַטנפאַרבאַנדישע און שפּיאָנאַזש־עלעמענטן אינעם אַפּאַראַט פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס, ביז צו די פּרוּוון צו פאַרשטעלן מיטן אויטאָריטעט פון אונאָ די אַמעריקאַניש־אימפּעריאַליסטישע אַגרעסיע אין קאָרעע. זיינע געווינהייטן פון אַ פּראָפעסיאָנעלן אַדוואָקאַט, זיינע דערפאַרונגען פון אַ בורזשואַזן אַגענט אינעם אַפּאַראַט פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָט ער אָפּגעגעבן אין דינסט פונעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

מע דאַרף זיך דעריבער נישט וווּנדערן, וואָס די רעגירונגס־קרייזן פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווילן אַזוי שטאַרק, אַז ער זאָל בלייבן אויך אויף דער צווייטער קאַדענץ אויפן אַמט פון גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע פון די פאַראייניקטע נאַציעס. ער איז פאַר זיי אַן „אייגענער מענטש". דער דאָזיקער אַמעריקאַניזירטער נאָרוועגער איז אַ ביזנעס־מאַן פונעם מיטעלן קאַליבער, פאַר וועמען דער וואָל־סטריט איז דער איינציקער גאָט, און טרומאַן — זיין נביא.

האַנס אַמונדסען, באַשרייבנדיק דאָס פאַרגאַנגענע און איצטיקע לעבן פון טריגווי־לי, האָט אים קעגן זיין ווילן געטאָן אַ בערישע טובה: אים פאַרגעשטעלט ווי אַ פּאָליטישן קאַריעריסט. אויף זיין ביישפּיל האָט ער באַוויזן פון וואָס פאַר אַ שניט עס זענען די היינטיקע אַגענטן פונעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

ג. ראָסאַדין, י. פּיליפּאָוו

# מאַק־אַרטור דער בלוטיקער תלין

דער נאָמען מאַק־אַרטור גייט נישט אַראָפּ פון די שפּאַלטן פון דער האַרסט־פּרעסע. די צייטונג „ניו־יאָרק זשורנאַל ענד אַמעריקען" רופט אים דער מענטש פון דער איצטיקער צייט „דער העלד פון היינטיקן טאָג"...

נישט צופעליק לויבט מען אין היינטיקן אַמעריקע די מאַק־אַרטורס, די קאָלאָניזאַטאָרן אין די גענעראַלישע שליפעס, ווי אַשטייגער דוגלאַס מאַק־אַרטור, וואָס האָט געשפּילט און שפּילט אַן ערשטראַנגיקע ראָל אין די רויבערישע אַוואַנטורעס פון וואָל־סטריט אין אַזיע.

מיט זיין גאַנצער קאַריערע האָט מאַק־אַרטור באַוויזן, אַז ער איז „אומבאַגרענעצט איבערגעגעבן" די אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן, און איז גרייט אין נאָמען פון דאָלאַר צו דעם סאַמע שוואַרצסטן עסק.

זומער יאָר 1932 האָבן פיל הונגעריקע אַרבעטסלאָזע קריגס־וועטעראַנען געמאַכט אַ מאַרש אויף וואַשינגטאָן מיט דער פאָדערונג צו אַנערקענען זיי די צוגעזאָגטע הילף. זיי האָבן אויסגעבויט פאַר זיך הינטער וואַשינגטאָן פון אַלטע פעסלעך און פּאַרפּוילטע ברעטער שטיבלעך און לעפּיאַנקעס און דאָרט זיך איינגעאָרדנט מיט זייערע הונגעריקע משפּחות. דערפירט צו פאַרצווייפלונג, האָבן די אַרבעטסלאָזע געפאָדערט אַרבעט און ברויט. אַלס ענטפער האָט מען זיי אויפגענומען מיט בליי. דאָס האָט נישט קיין אַנדערער ווי מאַק־אַרטור געוואָרפן קעגן דער אַרבעטסלאָזער מאַסע אינפאַנטעריע, קאַוואַלעריע, טאַנקען און אויף אַ בעסטיאַלישן אופן געשאָסן צו די אַרבעטסלאָזע דעמאָנסטראַנטן. עטלעכע מענטשן זענען געהרגעט געוואָרן און 55 שווער פאַרוואונדעט. דער דאָזיקער טאָג האָט באַקומען דעם נאָמען דער אַמעריקאַנישער „בלוטיקער דאָנערשטיק". די זעלביקע נאַכט האָט מאַק־אַרטור געמאַכט אַן אָנפאַל אויפן לאַגער פון די אַרבעטסלאָזע. אויף זיין באַפעל האָבן די זעלנער געברענט און צעקלאַפּט די אַרבעטסלאָזע געצעלטן, אַרויסגעטריבן פון דאָרטן די פרויען און קינדער און באַוואָרפן מיט גאַז־באָמבעס.

„דאָס איז געווען אַ גוטע אַרבעט"... טרוקן און אויסדריקלעך האָט שפּעטער דער גענעראַל מאַק־אַרטור דערציילט די זשורנאַליסטן: „דער

חמון האָט געמאַכט אַן עקלדיקן איינדרוק, ער האָט געהאַט אין זיך רע־וואָלוציאָנערע סימנים". די דאָזיקע ווערטער כאַראַקטעריזירן אויסגעצייכנט מאַק־אַרטורן, דעם פאַרביסענעם רעאַקציאָנער, דעם, וואָס פאַרטראָגט נישט דאָס פאָלק, דעם קאַלטן אַרבעטער־מערדער.

„דער בלוטיקער דאָנערשטיק אין וואַשינגטאָן" — דאָס איז נישט דאָס איינציקע פאַרברעכן פון מאַק־אַרטורן. אין משך פון אַ לענגערער צייט איז ער אַרויסגעטרעטן אין דער ראָל פון אַן אַמעריקאַנישן זשאַנ־דאַרם אין אַזיע, ווו דער וואָל־סטריט האָט בדעה מיט פייער און שווערד אונטערצודריקן זיך די פילמיליאָניקע פעלקער, בכדי צו שאַפן פון זיי שקלאַפן.

מאַק־אַרטור איז אַ יורש־קאָלאָניזאַטאָר אויף די פיליפינען. זיין פאָ־טער אַרטור מאַק־אַרטור, זייענדיק גובערנאַטאָר אין די פיליפינען־אינדז־לען, וועלכע זענען פאַרכאַפט געוואָרן דורך אַמעריקע, איז פאַרהאַסט גע־ווען ביים פיליפינישן פאָלק פאַר זיינע בעסטיאַלישע אַקטן, וואָס ער האָט אַדורכגעפירט קעגן די פאַטריאָטן, קעמפער קעגן די אַמעריקאַנישע פאַרכאַפער. דאָס האָט ער אויפגעהאָנגען 70 פאַרטיזאַנער פאַטריאָטן אויף די פיליפינען, דאָס האָט ער געברענט און אויסגעגלייכט מיט דער ערד דערפער און שטעט. די פיליפינישע פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן געקעמפט קעגן אַמעריקאַנישן אָקופּאַנט, זענען אויסגעשטעלט געוועז אויף ווילדע און אוממענטשלעכע טאָרטורן. פאַר יענער צייט איז דוגלאַס מאַק־אַרטור נאָך געווען אַ פּאַרוטשניק, אָבער אין די בעסטיאַלישע אַקטן איז ער נישט אָפּגעשטאַנען פון זיין טאַטן. ביז היינט צו טאָג רימט ער זיך נאָך, אַז ער פערזענלעך האָט דורכגעשאָסן אַ פאַרטיזאַן מיט 6 קוילן, ווען יענער איז באַוואָפנט געווען בלויז מיט אַ מעסער.

ווי אַ פיליפינישער „פעלדמאַרשאַל" האָט מאַק־אַרטור ווייטער גע־שאָסן און געהאָנגען. ווען אויף די פיליפינען זענען געקומען די יאַפּאַנער, האָט דער „פעלדמאַרשאַל" אַוועקגעוואָרפן זיין מיליטער אויפן אינדזל ליזאָן און אַנטלאָפן קיין אויסטראַליע. אויף די פיליפינען האָט ער זיך אומגעקערט ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, און אָנגעהויבן דאָרט אַ ווילדן אויסראָטונגס־קאַמף קעגן די פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן העלדיש געקעמפט קעגן דעם יאַפּאַנישן אָקופּאַנט, פאָדערנדיק פרייהייט און אומאָפּהענגיקייט פאַר זייער פאָטערלאַנד.

די פאַראייניקטע שטאַטן האָבן באַפעסטיקט אויף די פיליפינען אויפן סמך פון אַן אָנגעוואָרפענעם אָפּמאַך זייערע קריגס־באַזעס אויף אַ משך... פון 99 יאָר. דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל האָט פאַרכאַפּט אין זיינע

הענט די שליסל־פאזיציעס אויף אלע געביטן פון ווירטשאפטלעכן לעבן. מאק־ארטור האט דארטן זיינע ביר־ברוויעריייען אין דער ווערט פון 7 ביז 10 מיליאן דאלאר. ער איז אן אקציאנער פון דער געזעלשאפט, וואס פארמאגט אויף די פיליפינען גאלד־גרובן. נישט צופעליק האט געשריבן די „נאציאן", אז „די פיליפינישע אינדזלען שטעלן מיט זיך פאר דאס פריוואט־אייגנטום פון מאק־ארטור".

נאך דעם האט זיך מאק־ארטור באזעצט אין יאפאן, וואס איז אקופירט געווארן דורכן אמעריקאנישן מיליטער. דא האבן די מאנאפאלן פון די פאראייניקטע שטאטן נאך גרעסערע געשעפטן. זיי האבן פארכאפט אין זייערע הענט די יאפאנישע אינדוסטריע. די אמעריקאנישע גענעראלן בויען אויף די יאפאנישע אינדזלען ים־ און לופט־באזעס, זיי פארוואנדלען יאפאן אין א סטראטעגישער באזע פאר אגרעסיע־טעטיקייט אין אזיע. מאק־ארטור האט דא איינגעפירט זיין דיקטאטארישן רעזשים. ער באפרייט פון די טורמעס די יאפאנישע מלחמה־פארברעכער און באשעפטיקט זיי אלס זיינע געהילפן, דאקעגן זעצט ער אריין אין די טורמעס די דעמאקראטישע טוער. אונטער די פליגלען פון מאק־ארטורן געפינען א באהעלטעניש די ארגאניזאטארן און צוגרייטער פונעם חיהשן באקטעריאלאגישן קריג. מע קערט זיך אום צו דער פאשיסטישער ארדענונג, עס הערשט דער טעראר קעגן דער דעמאקראטישער באוועגונג און פאר אלעמען קעגן ארבעטער־קלאס און זיין ארגאניזאציע.

אבער נישט אין אלץ שפילט מאק־ארטורן צו דאס מזל אין אזיע. די פאלקס־באפרייערישע באוועגונג פון די פעלקער אין אזיע ווארפן אן א שרעק אויפן אמעריקאנישן קאלאניזאטאר; די עקזיסטענץ פון דער פאלקס־דעמאקראטישער קארעישער רעפובליק לאזט נישט רוען דעם פארביסענעם קאלאניזאטאר און זיינע מאכט־האבער. די אמעריקאנישע אימפעריאליסטן ווילן זיך אפנעמען דעם שאדן, וואס זיי האבן געהאט אין דער מפלה אין כינע, דורך א נייעם רויב אין אזיע. און מאק־ארטור שיקט מעמאראנדומס און טעלעגראמעס קיין וואשינגטאן מיט דער פאדערונג באלד צו עפענען א „פארטיידיקונגס־ליניע", וועלכע דארף זיך ציען פון די פיליפינען דורך קארעע און טייוואן. אונטער דעם מענטעלע פון „פארטיידיקונג" פלאנירט ער צו פארכאפן פרעמדע טעריטאריעס און צו פארשקלאפן נייע פעלקער.

ס'איז איבעריק צו באווייזן, אז מאק־ארטורס פלענער הייסן אויס דעם ווילן פון די אמעריקאנישע מאנאפאלן. אין וואל־סטריט באזיצט מאק־ארטור שטארקע פלייצעס. ס'איז נישט קיין סוד, אז זיין אמט און געלט

האָט ער צו פאַרדאַנקען זיין שווער. סטאַטעסבורע איז איינער פון די הויפּט־שותּפים אין מאָרגאַנס באַנק. אינעם קאָנגרעס שטיצט מען אונטער מאַק־אַרטורן אין זיין „פּאָליטיק פון קראַפט אין אַזיע". עס שטיצן אים אַזעלכע אַגענטן פון די מאָנאָפּאָלן ווי די סענאַטאָרן טאַפט, נעוולונדי, ברידזשעס א"א, וועלכע האָבן פאַרלאַנגט פאַר מאַק־אַרטורן אומבאַגרענעצטע פולמאַכטן, פאָדערנדיק אָנצונעמען אין אַזיע „דעציזידיקע שריט", וואָס זאָלן גאַראַנטירן די מאָנאָפּאָלן די זיכערקייט פאַר זייערע אַריינגעלייגטע קאַפּיטאַלן. די אַמעריקאַנישע מאָרגאַן־באַנק, ווי „נאַציאָנאַל סיטי־באַנק" א"א האָבן פאַרכאַפּט די גאָלד־גרובנס, וואָס געהערן צו די יאַפּאַנישע מאָנאָפּאָליסטן אין דרום־קאָרעע. זיי קוקן גיריק אויף די נאַפט־געביטן אין קאָרעע. קאָרעע איז זיי נייטיק ווי א וויכטיקע באַזע אופן ווייטן מזרח.

און אָט איילט זיך פון וואַשינגטאָן ביז טאָקיאָ דער שליח פון וואָל־סטריט, דער פּאַטענטירטער מלחמה־אונטערצינדער דזשאָן פאָסטער דאַלעס.

קיין טאָקיאָ פליען די אָנפירער פון די אַמעריקאַנישע קריגס־שטאַבן. איינער פון די אַמעריקאַנישע קאָרעספּאָנדענטן, קאָמענטירנדיק די רייזעס, האָט פולבאַדייטיק געשריבן: אין מאַק־אַרטורס שטאַב האָט מען פאַרגעשטעלט די חשובֿע געסט „נישט נאָר דעם שטאַנדפּונקט פונעם שטאַב אויף דער מלחמה אין אַזיע און אין יאַפּאַן, נאָר אויך אויף דער סטראַטעגישער סיטואַציע, וועלכע נעמט אַרום גרויסע שטחים אין אַזיע". „וואַרשיינלעך — גיט צו דער קאָרעספּאָנדענט — וועט באַהאַנדלט ווערן די פראַגע קאָרעע און טייוואַן".

אויפן רעזולטאַט פון די פאַרהאַנדלונגען אין טאָקיאָ האָט מען לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן. מ'האָט לויט דער ריי אויסגעקליבן פאַר אַן אַרט פאַר אַגרעסיע קאָרעע, און מאַק־אַרטור איז באַשטימט געוואָרן פאַרן אָרגאַניזאַטאָר פון דער קריגס־עקספּעדיציע, וועלכע האָט צוגעזאָגט צו פאַרענדיקן די גאַנצע קאָרעישע אָפּעראַציע אין פאַרלויף פון איין וואָך.

הייַנט איז שוין באַקאַנט, ווי ביטער מאַק־אַרטור האָט זיך פאַררעכנט. ס'האָט נישט געהאָלפן די אַמעריקאַנישע באַוואָפענונג ווי אויך די לאַנגע אַמעריקאַנישע איבונגען. דאָס ליסינמאַנישע מיליטער האָט נאָכן קלאַפּ, וואָס ס'האָט זיי געגעבן דאָס מיליטער פון דער קאָרעישער פאָלקס־רעפּובליק — גענומען אַנטלויפן.

מאַק־אַרטור האָט געוואָרפן מיט דונערן און בליצן. ער איז אפילו געפלויגן קיין קאָרעע, צו מאַכן אָרדענונג צווישן די ליסינמאַנישע באַנדעס. אָבער דער מעכטיקער באַס פון גענעראַל האָט נישט געקאָנט ענדערן די סיטואַציע, די ליסינמאַנישע באַנדעס האָבן פאָרגעזעצט דאָס אַנטלויפן אויף דרום.

מאַק־אַרטור און זיינע מאַכט-האָבער האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן נישט קאָנען דורכפירן זייערע אַוואַנטורעס מיט פרעמדע הענט. מ׳האָט געמוזט וואַרפן אויף קאָרעע אַמעריקאַניש מיליטער, אַוויאַציע און פלאָט, און אָנהייבן קעגן קאָרעישן פאָלק אַן אָפענע אַגרעסיע־מלחמה. דער פירער פון דער אַמעריקאַנישער אינטערווענץ־אַרמיי איז נאַטירלעך געוואָרן דער זעלבער מאַק־אַרטור.

שוין אין די ערשטע חדשים פון קאַמף האָבן די קאָרעישע פאַטריאָטן געשטעלט אַ העלדישן ווידערשטאַנד קעגן דעם אינטערווענץ־מיליטער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, פאַרטיידיקנדיק יעדן שפּאַן ערד פון זייער פאָטערלאַנד קעגן דעם אָקופּאַנט. די אַמעריקאַנישע אינטערווענטן, וועלכע זענען באַוואָפנט ביז איבער די ציין, האָבן געליטן נישט איין מפּלה.

די ערד האָט געברענט די אינטערווענטן אונטער די פיס. די דרייסטע קאָרעישע פאַטריאָטן האָבן זיי נישט צורו געלאָזט, נישט בייטאָג און נישט ביינאַכט. דאָס האָט דערפירט מאַק-אַרטורן צו אַ נאָך גרעסערער פאַרביסנקייט. ער איז זיך נוקם אין קאָרעישן פאָלק, באָמבאַרדירט אויף אַ באַרבאַרישן אופן די פרידלעכע שטעט און דערפער, מאָרדנדיק טויזנטער פרויען, קינדער און זקנים.

מאַק־אַרטור פאַרטראַגט נישט דאָס קאָרעישע פאָלק, פאַר אים איז דאָס אַן איבעריקע קאָלירטע ראַסע. צוגלייך מיט טרומאַנען רופט ער אָן די קאָרעאַנער — „באַנדיטן".

## א. לעאָנידאָוו

### ווינסטאָן טשערטשיל — דער מלחמה־אונטערצינדער

**1**

ווינסטאָן טשערטשיל קאָן נישט דורכשלאָפֿן די נעכט. ס'פֿאַרפֿאָלגט אים אַ קאָשמאַר געשפּענסט — דאָס געשפּענסט פֿון שלום.

פֿון דעם מאָמענט אָן זינט דער 77־יעריקער מלחמה־אונטערצינדער איז אַוועק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה פֿונעם אַמט אַלס פּרעמיער, ביז היינט צו טאָג, ווען ער איז שוין ווידער פּרעמיער, האַלט ער אין איין האַלטן רעדעס. אין פֿאַלטאָן, און אין האַאַג, אין באָסטאָן און אין ציריך — אומעטום ווי די מויט־פֿאַבריקאַנטן פֿון יענער זייט אָקעאַן און זייערע אייראָפּעיִשע דינער טיילן אים העפֿלעך צו די טריבונע. טשערטשיל רעדט נאָר וועגן איין זאַך, וועגן מלחמה.

אין שטראַסבורג האָט מען, צווישן די טומלדיקע גרופּן ווילדע רעאַק־ציאָניסטן אין אַזוי־גערופֿענעם „אייראָפּעיִשן ראַט", צומהעכסטן געהערט דאָס קול פֿון טשערטשילן: ער האָט פֿאַרלאַנגט ווי אַמשנעלסטן צו שאַפֿן אַן „אייראָפּעיִשע אַרמיי", וואָס איר קערן דאַרפֿן בילדן די מערב־דייטשישע דיוויזיעס אונטער דער אָנפֿירונג פֿון היטלעריסטישע גענעראַלן. דער פֿאַר־עלטערטער טרעגער פֿונעם מלחמה־פֿאַקל שטיקט זיך פֿון אויפֿרעגונג און שליידערט דונערן און בליצן אויפֿן קאָפּ פֿון קאָרעיִשן פֿאָלק, וואָס פֿאַר־טיידיקט זיין לאַנד קעגן דער אַמעריקאַנישער אינטערווענץ. ערשט נישט לאַנג האָט טשערטשיל אין ענגלישן פּאַרלאַמענט ווידער היסטעריש גערופֿן די „מערב־וועלט", זי זאָל נישט פֿאַרלירן קיין צייט און מאָביליזירן „אַלע נאַטירלעכע און לעבעדיקע רעזערוון" מיטן ציל... פֿון פֿאַרטיידיקונג. אָבער ווער ווייסט דען נישט, אַז דאָס וואָרט „פֿאַרטיידיקונג" אין מויל פֿון טשערטשילן איז בלויז אַ ציניש מאַסקירונג פֿון דער אַגרעסיע, וואָס ס'האָבן צוגעגרייט די אימפּעריאַליסטן פֿון דער „מערב־וועלט" קעגן ראַטנ־פֿאַרבאַנד און די פֿאָלקס־דעמאָקראַטישע לענדער.

זיין גאַנץ לעבן קלערט טשערטשיל, חלומט און רעדט וועגן מלחמה. דער אַפּאָסטאָל פֿון פֿאַרניכטן די מענטשהייט מעסט נישט דאָס לעבן, ווי

אַלע מענטשן, מיט יאָרן, נאָר מיט מלחמות. און ווען אויפן ערד־קיילעך הערשט שלום, איז דאָס פאַר טשערטשילן אַ ציטווייליקע און אומנאַטיר־לעכע דערשיינונג, מיט וועלכער מע דאַרף ווי צומשנעלסטן אַ סוף מאַכן. אין דער ענגלישער שפּראַך איז פאַראַן אַ וואָרט „פּיראָמאַניאַק" — וועב־סטערס באַקאַנטער ווערטער־בוך פאַרטייטשט דאָס וואָרט אַזוי... „אַ מענטש, באַהערשט פון אַ משוגענעם פאַרלאַנג צו פאַרניכטן מיט פייער אא"וו".

אין משך פון זיין גאַנצער קאַריערע איז טשערטשיל באַהערשט גע־ווען פון אַ באַגער אונטערצוצינדן די וועלט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נישט קיין אבסאָלוטע פּערזענלעכע מאַניע. טשערטשיל איז זיין גאַנץ לעבן געווען אַ פּריווּיליק און געטריי געצייג אין די הענט פון יענע, וועלכע האָבן אים אַרויסגערוקט פאַר אַ פּאָליטיקער. אָן דער הילף פון די אַנפירער פון לאָנדאָנער סיטי וואָלט טשערטשיל געווען אַ נול.

די יונגע יאָרן זענען טשערטשילן אַוועק אין אַ כסדרדיקן טרענירן זיך אין דער „קונסט" פון קאָלאָניאַלע אַוואַנטורעס און פאַרכאַפּנדיקע מל־חמות. אין יאָר 1895 האָט ער געדינט אין דער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער אַרמיי אין קובאַ. צוויי יאָר שפּעטער האָט ער אָנטיילגענומען אין דער בלוטיקער אָפּרעכענונג פונעם ענגלישן מיליטער מיט די אַפּגאַניסטאַנער אין צפון־מערב אינדיע.

אַ יאָר שפּעטער איז טשערטשיל טעטיק אין די רייען פון דער שטראָף־עקספּעדיציע קעגן די סודאַנער אויפשטענדלער. ס'גייט אַוועק נאָך אַ יאָר — און טשערטשיל באַווייזט זיך אין דרום־אַפריקע, וווּ ס'קומט פאָר דער קריג קעגן די בורן. פיר מלחמות אין דריי וועלט־טיילן, אָט דאָס איז די שול, וועלכע ווינסטאָן טשערטשיל איז דורכגעגאַנגען אין זיינע יונגע יאָרן.

דערנאָך בייט טשערטשיל זיין פאַך, הערט אָבער נישט אויף צו דינען זיינע מאַכטהאָבער — ער הייבט אָן צו אָרגאַניזירן אַ מלחמה אין די שטילע, פּאַרלאַמענטאַרע און מיניסטעריאַלע קאַבינעטן; איצט גייט שוין נישט אין די קאָלאָניאַלע אַוואַנטורעס, נאָר אין אַ מלחמה אין וועלט־פאַרנעם. די ענגלישע קעניגן פון שטאָל, נאַפט און כעמישער אינדוסטריע האָבן געוווּסט וועמען זיי רוקן אַרויס אויפן אַמט פון מיניסטער פון דער אַרמיי, פלאָט און באַוואָפענונג און דערנאָך אַלס פּרעמיער. ווי אַ דערפאַ־רענער פאַכמאַן האָט טשערטשיל צוגעגרייט פאַר זיי מלחמות, האַלטנדיק זיך דערביי ביי די אַלטע אומפאַרענדערלעכע מעטאָדן פון ענגלישן אימפּע־ריאַליזם: אומעטום, וווּ ס'לאָזט זיך, אַזוי זיך איינאָרדענען, אַז ענגלאַנד זאָל זיך שלאָגן מיט פרעמדע הענט.

אין משך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט טשערטשיל פאַרלוירן גאַנצע דיוויזיעס פון אויסטראַלישן מיליטער, וואָס ער האָט געשיקט אויף דער שחיטה, בשעת דער עקספּעדיציע אויף די דאַרדאַנעלן. נאָך דעם האָט ער געמוזט, צייטווייליק, אַוועקגיין אויף אָפּרו. אָבער אויף דער געלדע פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם ווערט דאָס בלוט פון דעם אויסטראַלישן און קאַלאָניאַלן זעלנער נידעריק נאָטירט — טשערטשיל האָט רואיק געוואַרט אויף זיין שעה, און זיך דערוואַרט.

ווען די וועלט איז אַרויס, דורך בלוט און פאַרניכטונג, פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט טשערטשיל שוין געהאַט אַ נייעם פּלאַן. ער האָט געהאַט אַלץ צוגעגרייט, באַלד צו אָרגאַניזירן אַ מלחמה אויפן מזרח קעגן דעם אַזוי פאַרהאַסטן דורך אים און זיינע מאַכטהאָבער סאָוויעטן־רוסלאַנד. טשערטשיל האָט אַרויסגעשיקט קיין אַרכאַנגעלסק באַוואָפנטע עקספּעדיציעס און זיי באַפוילן זיך צו פאַרבינדן מיט ווייסגוואַרדייאישע באַנדעס, זיי זאָלן דורכמאַרשירן מיט פאַראַד מאָסקווע און דערשטיקן די אַרבעטער און פּויערים־רעוואָלוציע. קיין מאָסקווע האָט טשערטשיל געשיקט די געקליבענע אַגענטן פונעם ענגלישן שפּיאָנאַזש־אַמט, לאָקהאַרטן און רעלי, און זיי געגעבן אַ באַפעל צוצוגרייטן קאַדרען פאַר אָרגאַניזירן דעם ווייסן טעראָר.

פון דרום האָט דאָס ענגלישע מיליטער, אין הסכם מיט טשערטשילס פּלאַן, באַדאַרפט גיין דורך קאַווקאַז און די מיטל־אַזיאַטישע רעפּובליקן.

די מלחמה־אינטערווענץ איז געווען אַ מיטל אין די הענט פון טשערטשילן צו רעאַליזירן דעם אַלטן חלום פון די לאָנדאָנער פּאָליטיקער — פאַרוואַנדלען רוסלאַנד אין אַן ענגלישער קאָלאָניע. און נאָך דער רעאַליזירונג פון דאָזיקן פּלאַן וואָלט שוין נישט געווען קיין שטערונג אויפן וועג פון גרויס־בריטאַניע צו ווערן דער הערשער איבער דער וועלט. דאָס ענגלישע מיליטער האָט זיך דעמאָלט געפונען אין איראַן און טערקיי. די ענדגילטיקע קאָלאָניזירונג פון כינע דורך דעם ענגלישן מיליטער, נאָך דעם ווי טשערטשיל האָט באַאַרבעט די רוסישע „אָפּעראַציע", איז געווען שוין אַ דעצידירטע זאַך פון פריער. די רעאַליזירונג פון דעם פּראָגראַם, וועלכן טשערטשיל האָט געהאַלטן אין געהיים, האָט באַדאַרפט זיין דער קולמינאַציע־פּונקט פאַר דער לעבנס־קאַריערע פון דעם קעמפער פון בריטישן אימפּעריאַליזם.

די סאָוויעטישע אַרבעטער און פּויערים האָבן נישט דערלאָזט צו רעאַליזירן דעם דאָזיקן ווילדן פּלאַן. טשערטשילס מיליטערישע עקספּעדיציעס און זיינע געדונגענע ווייס־גוואַרדייער זענען צעשלאָגן און אַרויס־

געטריבן געוואָרן פון רוסלאַנד, און די אַריינגעשיקטע שפּיאָנען און די-ווערסאַנטן זענען געכאַפּט געוואָרן אויף דער היסער מינוט. אַזוי אַרום איז געקרייצט געוואָרן דער פאַרברעכערישער פּלאַן פון משערמשילן. ער האָט שפּעטער קיינמאָל נישט געקאָנט פאַרגעסן דעם בראָך פון דער „גיגאַנ-טישער" וואַנטוריסטישער אונטערנעמונג.

אויף זיין גאַנצן לעבן האָט ער איינגעהיט אַ פאַרביסענע שנאה צום גרויסן לאַנד פון סאָציאַליזם, וואָס איז געוואָרן אַ וועג-ווייזער פאַר אַלע פעלקער אין קאַמף פאַר פרייהייט און שלום. משערטשיל האָט תמיד פאַר-אַכטעט דעם ראַטנפאַרבאַנד דערפאַר, ווייל דאָס איז אַ לאַנד, וווּ ביי דער מאַכט שטייט דער אַרבעטער און פּויער. נאָך אַ גרעסערן האַס האָט אַרויס-גערופן ביי אים דער פאַקט, וואָס דער ראַטנפאַרבאַנד איז געווען די ערש-טע מלוכה אין דער געשיכטע, וועלכע האָט אַלס יסוד פון איר אויסערן-פּאָליטיק אויפגעשטעלט דעם קאַמף קעגן אימפּעריאַליסטישע רויב-מלח-מות, קעגן אונטערדריקונג פון די קליינע און שוואַכע מלוכות דורך די גרויס-מאַכטן. משערטשיל און זיינסגלייכן פאַרשטייען, אַז דער זיג פון דער ראַטנפאַרבאַנדישער אידעע פון אַן אינטערנאַציאָנאַלן שלום שטעלט מיט זיך פאָר דעם סוף פון דער בלוטיקער פאַרשוועדונג קעגן פעלקער, וואָס אירע פעדעם האָט משערטשיל געוועבט אין משך פון זיין גאַנץ לעבן.

2

אָט פאַרוואָס משערטשיל האָט די לעצטע דרייסיק יאָר פון זיין לעבן מקריב געווען דער צעווילדעוועטער „אידעע" פון פאַרניכטן פאַר יעדן פּרייז און אָפּווישן פון דער ערד דעם ראַטנפאַרבאַנד. מ'האָט געלאָזט אין גאַנג אַ לעגענדע, אַז משערטשיל זאָל בלומרשט האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון די דאָזיקע פּלענער אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט-מלחמה, ווען ער איז געווען הער פּרעמיער פון אַ פריינדלעכער מלוכה מיטן ראַטנפאַר-באַנד. די דאָזיקע לעגענדע איז שוין לאַנג אָפּגעלייקנט געוואָרן. משערטשיל זאָגט ליגן, ווען ער דערקלערט, אַז אין דער צייט פון קריג איז ער געווען „אַן אויפריכטיקער פריינד פון ראַטנפאַרבאַנד". אומבאַשטרייטבאַרע פאַקטן זאָגן עדות דערויף, אַז אויך הערמאָלט איז משערטשילס פּאָליטיק לגבי דעם ראַטנפאַרבאַנד געשטאַנען אונטערן צייכן פון טיפער שנאה. דער אַלטער דינער פון די ענגלישע שקלאַפן-באַזיצער האָט לייזנשאַפטלעך געוואַרט אויף דער מפּלה פונעם ראַטנפאַרבאַנד און געמאַכט נישט קיין קליינע אָנשטרענגונגען אין דער דאָזיקער ריכטונג.

אָבער אויך די אָנשטרענגונגען פונעם פאַרביסענעם מלחמה-אָרגאַניזאַטאָר און אונטערצינדער האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן. די זיגרייכע פאָלקס־אַרמיי פון ראַטנפאַרבאַנד האָט צעגראָמירט די דייטש־פאַשיסטישע אַרמיי אָן דער הילף פון די אַליאַנטישע אַרמייען אין אייראָפּע. און דאָן האָט טשערטשיל געפּרוווט אַריינפירן אין לעבן זיין צווייטן רעזערוו־פּלאַן. ער האָט אָנגעהויבן זיינע פאַרעטערישע הינטערקוליסן־אונטערהאַנדלונגען מיט די היטלעריסטישע תּלינים, איידער עס ווערט צו שפּעט. מע דאַרף אויפן חשבון פון רוסלאַנד פאַרענדיקן די מלחמה צווישן די מערב־מלוכות און דייטשלאַנד — אַזאַ געדאַנק האָט געוואָרטעוועט אין מוח פון טשערטשילן. אָבער ס'איז שוין טאַקע געווען צו שפּעט: די סאָוועטישע אַרמיי איז אָן אָפּהאַלט געגאַנגען אויף בערלין.

באַלד נאָך דער מלחמה הייבט טשערטשיל אָן אַ צביעותדיקע קאַמפּאַניע פון „קריסטלעכער באַרמהערציקייט” לגבי די היטלעריסטישע מלחמה־פאַרברעכער. נעמט אַ פּערזענלעכן אָנטייל אין זאַמלען נדבות פאַר זייערע ווייבער און רופט צו רחמנות לגבי „די אַלטע דייטשע פעלדמאַרשאַלן און גענעראַלן”. רופט צו „פאַרגעסן אין דעם, וואָס איז געווען” — דאָס זענען זיינע אויטענטישע ווערטער.

דער פאַרביסענער מלחמה־אונטערצינדער מאַכט דעם אָנשטעל פון אַן אָנהענגער פון שלום, צוגרייטנדיק אַ נייעם צוג אויפן שאָך-ברעט פון דער אַגרעסיווער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק.

טשערטשיל איז פאַרבלענדט פון חיהשער שנאה צו אַלץ, וואָס איז פאָרגעשריטן און דעמאָקראַטיש. אָבער אויך ער פילט אָפּ, ווי עס וואַקסט אָן אין אַלע לענדער דער צאָרן און די אויפרעגונג פון מיליאָנען פּשוטע מענטשן, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט אין אַן אומבאַזיגבאַרער באַוועגונג אין קאַמף פאַר שלום. ער ווייסט גוט, אַז סיי די אַרבעטנדיקע פון דייטשלאַנד און סיי די אַרבעטנדיקע פון פראַנקרייך — וועלן זיך נישט לאָזן שיקן אויף דער שחיטה אין נאָמען פון די אינטערעסן פון וואָל־סטריט און סיטי. אָט פאַרוואָס טשערטשיל פּראָפּאַגירט איצט אָפן נעאָהיטלעריזם אין סאַמע האַרץ פון מערב־אייראָפּע. מיט די הענט פון דייטשן און פראַנצויזישן פאַשיסטישן זשאָלדאַק — די רעדלערס, מאַנשטיינס און רעגנאַלם — קלערט טשערטשיל צו דערשטיקן דעם אַרבעטער-קלאַס אין די דאָזיקע לענדער. דער „קריסט און אייראָפּעער”, ווי טשערטשיל האָט זיך אַליין ליב אָנצורופן, רופט צום ווידערגעבורט פון דעם היטלעריזם, בכדי ווידער אים צו וואַרפן קעגן אייראָפּע. אויפן ראַנד פון זיינע יאָרן וואָלט ער וועלן נאָך אַמאָל פאַרווירקלעכן זיין ווילדע שנאה צום פרייען ראַטנפאַרבאַנדישן פאָלק און צו די דעמאָקראַטישע לענדער.

די אטאם־באמבע איז געווארן ביי טשערטשילן אן אייגנארטיקע עוואנגעליע. אין איינער פון זיינע רעדעס אין פארלאמענט האט ער אפילו אויסגעדריקט א דאנק דעם רבונו־של־עולם פאר דער אטאם־באמבע. אין א צווייטער רעדע, וואס ער האט געהאלטן אין ליאנדודנא, האט ער געזאגט: „ווען אמעריקע זאל מסכים זיין צו פארניכטן דעם צוגעגרייטן רעזערוו פון דער אטאם־באמבע, וואלטן מיר דאן פאראנטווארטלעך געווען פאר דער פארניכטונג פון דער מענטשלעכער פרייהייט און פארן זעלבסטמארד".

פאר טשערטשילן איז די אטאם־באמבע — פרייהייט, און די פארניכטונג פון דער אטאם־באמבע — זעלבסטמארד. דאקעגן דאס באנוצן זיך מיט דער אטאם־באמבע איז לויט טשערטשילס מיינונג דער טריומף פון דער „קריסטלעכער ציוויליזאציע". די קומענדיקע ריכטער, וואס וועלן משפטן די מלחמה־אונטערצינדער, וועלן נישט פארגעסן דעם אומגעדולדיקן רוף פון טשערטשילן, מע זאל שנעל, מעגלעך ווי צומשנעלסטן אויסנוצן דאס געווער פון מאסן־מארד.

3

טשערטשיל איז דער פארשטייער פון דעם אייבערשטן, דעספאטישן שיכט פון הערשנדיקן קלאס אין ענגלאנד, פון די ענגלישע קאפיטאליסטישע מאנאפאלן. טשערטשיל פילט זיך ווי א פיש אין וואסער אין דער געזעלשאפט פון דער פריווילעגירטער ביוראקראטיע, וואס ער אליין האט אויסגעהאדעוועט, צווישן די רעאקציאנערע מיליטער־לייט, וואס מיט זייער אוואנטורע האט ער אליין אנגעפירט, צווישן די ערד־באזיצער און אריסטאקראטן, וועלכע האבן אים באשאפן. אים איז אויך נישט פרעמד דער אפאראט פון „אינטעלידזשענס־סערוויס". טשערטשילס סביבה — דאס זענען די, וואס חלומען וועגן די אמאליקע מעגלעכקייטן, וועגן דעם ווידערגעבורט פון דער אגרעסיווער פאליטיק און וועגן קאלאניאלער פארשקלאפונג מצד דעם ענגלישן אימפעריאליזם. אלע זענען זיי אין טשערטשילן זייער „לידער", דעם מענטש, וואס איז גרייט אויף אלץ אין קאמף קעגן ארבעטער־קלאס, ווען מע דארף איינצוימען דאס פאלק.

די בורזשואזע זשורנאליסטן פון מערב פארשפרייטן די ליגנערישע ווערסיע, אז טשערטשיל האט כאך אפשר איינגעשמירט זיינע הענט אין בלוט, אבער זיי זענען קיינמאל נישט „איינגעטונקען געווען אין גאלד". זיי באמיען זיך איבערצוציינגן דעם קליינבירגער, אז טשערטשיל איז כלומרשט נישט פארבונדן מיט די גרויס־מאנאפאליסטישע טרעסטן, אז ער איז נישט

פארמישט אין קיין שום הינטערקוליסן־האנדלס־קאמבינאציעס. די דאזיקע פעסטשטעלונג, וואס ווערט אזוי אפט אויך איבערגעחזרט אין דער ליבעראַלער פרעסע, איז פון אנהייב ביזן סוף א פאלשע.

אמת, אז טשערטשילס נאמען פיגורירט נישט אין די דירעקטארן־רשימות פון די גרויסע ענגלישע מאנאפאלן. אבער עס איז שוין פון לאנג באקאנט, אז דער היינטיקער פרעמיער פון דער בריטישער אימפעריע וויל נערנער האנדלען דורך אונטערגעשטעלטע פארשוינען.

דער יונגער קאנסערוואטיווער דעפוטאט דונקאן סאנדעס, טשערטשילס איידעם, איז געווען אין די מלחמה־יארן פארזארגונגס־מיניסטער אין דער רעגירונג פון זיין שווער. סאנדעס איז איצט דירעקטאר פון אן ענגלישן קאנצערן. די דאזיקע קאמפאניע פארוואלטעט מיט א סך קאנצעסיעס אין דער קאלאניע פונעם גאלדענעם ברעג פון מערב־אפריקע; דער דאזיקער קאנצערן האט שוין נישט איינמאל אויסגעצאלט דיווידענדן אין דער הייך פון 95 פראצענט פונעם קאפיטאל. די קאנצעסיעס, אויף וועלכע עס ארבעטן נעגער — שקלאפן, זענען די הויפט־מקורים פון דער פאמיליע טשערטשילס פארמעגן.

אין די ענגלישע פארלאמענטארישע קרייזן רעדט מען אפט וועגן דעם, אז סאנדעס — דאס איז נאר דער שאטן פון משערטשילן. סאנדעס, ווי דער פערזענלעכער פארטרעטער פון זיין שווער, פארנעמט גלייכצייטיק דעם אמט פון פארזיצער פון „אינטערנאציאנאלן קאמיטעט צו פאראייניקן אייראפע" — טשערטשילס א באשעפעניש, וואס איז געבוירן געווארן אין 1947 יאר, מיטן ציל צו ליקווידירן די סווערעניטעט פון די מערב־אייראפעישע מלוכות. די קאלאניזאציע פון אפריקע און די קאלאניזירונג פון אייראפע — נישט רעכענענדיק די צוגרייטונג צו א נייער וועלט־מלחמה — דערגאנצן קעגנזייטיק די פראקטישע טעטיקייט פון דער פאמיליע טשערטשיל.

ווי טשערטשילס הארציקער פריינד איז באקאנט דער גענעראל עדווארד ספעארס. אין דער צייט פון דער היטלערישער אינוואזיע אין פראנקרייך, זומער יאר 1940, איז ספעארס געווען טשערטשילס פערזענלעכער פארשטייער ביים פראנצויזישן פרעמיער רייגא, וו ער האט אפגעשפילט א פארדעכטיקע ראל בעת דער קאפיטולאציע פון די פראנצויזישע מאנארכיסטן.

נאך דעם האט טשערטשיל אפקאמאנדירט ספעארסן צום גענעראל דע־גאל מיט דער פארארדענונג פון לאנדאן צו סאבאטירן די פארטיזאנער באוועגונג אין פראנקרייך. דער פארביסענער אגענט ספעארס „ארבעט"

איצט האַנט ביי האַנט מיט טשערטשילס איידעם אין די ביוראָען פון כימי, וווּ ער פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אַמט אין זיין גרויסע אַקציע־געזעלשאַפטן.

נאָך אַ צווייטער טשערטשילס אַגענט ברענדאַן בראַקען שטייט אין שפּיץ פון דער „יוניאָן קאָרפּאָריישען"־טרעסט, איינע פון די אונטערנעמונגען אין ענגלאַנד, וואָס גיבן אַממיינסטן הכנסה, הערשט איבער די גאָלד־גרובנס אין מעקסיקע און אויסטראַליע און איז אויך פאַרבונדן מיטן בריליאַנטן־מאָנאָפּאָל. בראַקען איז אין דער פאַרגאַנגענהייט געווען טשערטשילס פּערזענלעכער סעקרעטאַר. ער איז ביז היינט צו טאָג פאַרבליבן זיין רעכטע האַנט.

די האַנדלס־באַציונגען פאַרבינדן די טשערטשיל־קליקע מיט פיל אַנדערע מאָנאָפּאָלן. פיל מענטשן, וואָס געפינען זיך אין טשערטשילס סביבה, געפינען זיך אין אַן אוממיטלבאַרן קאָנטאַקט מיט די גרעסטע מלחמה־אינדוסטריע־אונטערנעמונגען, וואָס ווערן רייך אַ דאַנק דער מלחמה־פּראָפּאַגאַנדע און קודם־כל צוליב טשערטשילס מלחמה־העצערישע אַרויסטרעטונגען. די פּראַקטיק האָט באַוויזן, אַז אויף דער לאָנדאָנער בערזע וואַקסט בהדרגהדיק דער קורס פון די וואָפן־אונטערנעמונגען נאָך יעדן אַרויסטריט פון דעם פּאַטריאַרך פון די מלחמה־אונטערצינדער.

טשערטשילס נאָענטע מענטשן קאָן מען זען אין די קאַבינעטן פון די פאַרוואַלטונגען פון די דריי הויפּט־מאָנאָפּאָלן, וואָס שטעלן צו ענגלאַנד געווער. דאָס זענען: וויקערס אַרטילעריע־טרעסטן, דער כעמישער טרעסט „אימפּעריאַל כעמיקאַל אינדוסטריע", וואָס קאָנטראָלירט 90 פּראָצענט פון דער פּראָדוקציע פון אויפרייס־ און גיפט־מאַטעריאַל, ווי אויך די קאָמפּאַניע „בירמינגהאַם סמאָל אַרמס קאָמפּאַני", וועלכע פּראָדוצירט מאַשינען־האַנט־געווער".

אין דער פאַרוואַלטונג פון וויקערס זיצט דער קאָנסערוואַטיווער פּאָליטיקער סיר דזשאָן אַנדערסאָן. אין טשערטשילס קריגס־קאַבינעט האָט ער פאַרנומען דעם אַמט פון אינערן־ און פינאַנס־מיניסטער, און איצט שטייט ער אין דער שפּיץ פון דער מלוכה־קאָמיסיע פאַר פראַגן פון אַטאָם־ענערגיע. דורך זיין פריינד אַנדערסאָן, איינעם פון די פאַרביסנסטע איניציאַטאָרן פון אַנטי־ראַטנפאַרבאַנדישער און אַנטי־דעמאָקראַטישער פּאָליטיק אין ענגלאַנד, איז טשערטשיל פאַרבונדן מיט די אַמעריקאַנישע אַגענטן פון די אַטאָם־מאָנאָפּאָלן און דעם גרעסטן טרעסט פון מלחמה־אינדוסטריע אין ענגלאַנד, וועלכער האָט פאַרדינט פון די צושטעלונגען פאַר דער ליבאַר־רעגירונג צענדליקער מיליאָנען. איין האַנט וואַשט די צווייטע!

אין משך פון די לעצטע צוויי יאָר זענען די רווחים פון וויקערס געוואַקסן מער ווי טאָפּל. איצט איז פּאָרזיצער פון דאָזיקן טרעסט גענעראַל סיר ראָנאַלד וויקערס, וועלכער איז אין טשערטשילס צייט געווען פּאַרטרעטער פונעם גענעראַל־שטאַב־שעף און איז, אין יאָר 1945, באַשטימט געוואָרן פּאַרן לייטער פון דער ענגלישער קאָנטראָל־קאָמיסיע אין דער בריטישער סטרעפּע פון דער דייטשישער אָקופּירטער זאָנע. גענעראַלן, אַגענטן, דעפּוטאַטן, מיניסטאָרן — זיי אַלע פּאַרבינדט אַ קאָלעקטיווע פּאַראַנטוואָרטלעכקייט בײַנאַנד מיט די פּראָפעסיאָנעלע טויט־הענדלער אונטער דער „אַידעישער" אָנפירונג פון ווינסטאָן טשערטשיל.

אין דער פּאַרוואַלטונג פון די כעמישע מלחמה־מאָנאָפּאָלן: „אימפּעריאַל כעמיקאַל אינדוסטריע", וועלכע נעמט אַרום 80 אַנשטאַלטן און פּאַבריקן, זענען דעלעגירט געוואָרן צוויי געוועזענע מיניסטאָרן פון טשערטשילס קאַבינעט — ווידער דער זעלבער אַנדערסאָן און סיר אַנדרעווס דונקאַן, וועלכע שטייען אין דער שפּיץ פון שטאָל־אינדוסטריע־סינדיקאַטן. אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז איינער פון די דירעקטאָרן פון „אימפּעריאַל כעמיקאַל אינדוסטריע" אַרויסגערוקט געוואָרן דורך טשערטשילן פּאַרן לייטער פון מלוכה־קאָמיטעט פּאַר בויען טאַנקן, אַן אַנדערער, בענעט, איז טעטיק געווען אין קאָמיטעט פּאַר ענינים פון האַנטאון מאַשין־געווער, און די צוויי דזשענטעלמענער האָבן איינגעצאָלט גרויסע פּאָנדן אין טשערטשילס פּאַרטיי־קאַסע, נאָך איידער טשערטשיל האָט איבערגענומען די טעקע פון פּרעמיער־מיניסטער.

דער דירעקטאָר פון דעם דריטן מאָנאָפּאָל פון מלחמה־אינדוסטריע אין ענגלאַנד „בירמינגהאַם סמאָל אַרמס קאָמפּאַני" איז לאָרד ווילטאָן. ער איז געווען אַפּראָוויזאַציע־מיניסטער אין טשערטשילס רעגירונג און פירט אָן ביזן היינטיקן טאָג מיטן אָרגאַניזאַציע־אַפּאַראַט פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. אים האָט טשערטשיל איבערגעגעבן אָנצופירן מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע פון די קאָנסערוואַטיסטן. אין ווילטאָנס האַנט קאָנצענטרירן זיך אויך די קאָנטראָל־פעדעם איבער אַן ערנסטן טייל פון דער ענגלישער רעאַקציאָנערער פּרעסע.

ס'איז כדאי אונטערצושטרייכן נאָך איין וויכטיקן פאַקט: דער דאָזיקער סינדיקאַט איז נישט קיין ענגלישער, נאָר אַן אַנגלאָ־אַמעריקאַנישער. די אַמעריקאַנער מיליאַרדערן, די הויפּט־אונטערצינדער פון אַ נייער מלחמה, נעמען אָנטייל במעט אין אַלע ענגלישע מאָנאָפּאָלן, וואָס אונטערשטיצן טשערטשילן.

צו זייערע ענגלישע פּאַרשטייער געהערן מענטשן פון אַזא טיפּ ווי וויוויען סמיט, דער לאָנדאָנער אַגענט פון מאָרגאַן־באַנק, אָדער לאָרד

קימשעסטער, דער אגענט פון דער דאזיקער באנק און דירעקטאר פונעם ענגלישן מאנאפאל „אסאשייטיס עלעקטריק אינדוסטריע".

אלע דערמאנטע הערן בילדן איין סביבה פון געשעפטס־מענטשן, וואס זענען ענג פארבונדן מיט טשערטשילן. טייל פון זיי הייסן פאליטיקער, אנדערע טראגן גענעראלישע מונדירן, נאך אנדערע טרעטן ארויס ווי „ביזנעס־מענער" אבער אלע האבן איין בשותפותדיקן פארלאנג — צו צעפלאקערן פאר יעדן פרייז דאס פייער פון דער דריטער וועלט־מלחמה.

זיי ווילן א מלחמה און גרייטן זי צו, ווייל זיי האבן מורא פאר דעם שלום־פארמעסט צווישן דעם סאציאליסטישן און קאפיטאליסטישן סיסטעם. דער אלטער אימפעריאליסטישער רויבער טשערטשיל העלפט מיט אלע כוחות זיינע באהאלטענע באלעבאטים — ווייל ער פארשטייט, אז אין דעם געוועט איז דער קאפיטאליזם פאראורטיילט אויף אונטערגאנג.

די נצחונות פון דער ראטנפארבאנדישער שלום־פאליטיק און דער זיג פון דעם דעמאקראטישן פראנט אויף דער וועלט דערפירן טשערטשילן ביז צו משוגעת. ער האפט, אז דורך א מלחמה וועט אים געלונגען זיך אפצורעכענען מיטן ארבעטער־קלאס פון מערב־איראפע. נאך אין יאר 1926, ווען טשערטשיל האט אנגעפירט מיט דער אקציע פון דערשטיקן דעם גענעראל־שטרייק אין ענגלאנד, האט ער זיך צוגעגרייט צו דער דאזיקער אפרעכענונג מיטן ענגלישן ארבעטער. אבער איבער דעם הייזעריקן קול פון דעם אלטן מלחמה־אונטערצינדער, דעם פארטיידיקער פון דער אטאם־באמבע, גייט אויף די קלארע, דעצידירטע און דראענדיקע שטים פון די, וואס טשערטשיל און זיין קליקע באמיען זיך צו פארוואנדלען אין קרבנות פון א וועלט־שרפה — די שטים פון הונדערטער מיליאנען מענטשן פון ארבעט. די הונדערטער מיליאנען, וואס שאפן די מעכטיקע אינטערנאציאנאלע ארמיי פון שלום, זענען אומפארגלייכלעך שטארקער פון די טשערטשילס פון אלע לענדער.

ל. סלאווין

## דער מלחמה־אונטערצינדער פעלד־מארשאל מאנטגאמערי

טשערטשיל האלט דעם פעלד־מארשאל מאנטגאמערי פאר דעם סאמע בעסטן אנפירער צווישן די היינטיקע מיליטער־לייט אין ענגלאנד. און אפשר זענען טאקע קיין בעסערע פון אים דארט נישט פאראן. די גענעראלן אויכענלעק און ריטשע, וועלכע האבן פארשפילט די אפריקאנישע קריגס־קאמפאניע אין יאר 1942, זענען ווארשיינלעך ווייניקער פעיק.

אין אנהייב פונעם צווייטן וועלט־קריג האט דער גענעראל־מאיאר מאנטגאמערי פארנומען א באשיידענעם אמט ווי אן אנפירער פון דער דריטער ענגלישער דיוויזיע פונעם עקספעדיציע־קארפוס אין פראנקרייך.

אין דער נאכט פון 30־טן אויפן 31־טן מאי יאר 1940 האט די גאנצע בריטישע ארמיי אונטער דעם דרוק פון דעם דייטשן גענעראל קלייסטס טאנקן פארלאזט דונקערקע און זיך שנעל אומגעקערט אהיים.

דער ענגלישער מיליטערישער שרייבער לידל האט דערציילט אין דעם בוך אונטער דעם נאמען „אויף דער אנדערער זייט בערגל״:

„די באדינגונגען, אין וועלכע ס'איז ניצול געווארן די ענגלישע ארמיי, אויסמיידנדיק די געפאר פון אן אינוואזיע אין ענגלאנד, זענען געווען זייער וואונדערלעך. אין דעם פאל איז דער אמת ווייט פון דער אלגעמיינער אנגענומענער מיינונג״

און דער אמת איז, אז היטלער האט נישט ברעה געהאט צו נעמען די ענגלישע ארמיי אין געפאנגענשאפט, הגם ער איז געווען בכוח דאס צו טאן. היטלער האט באפוילן זיין ארמיי זיך אפצושטעלן. ער האט נישט געוואלט ליקווידירן די בריטישע ארמיי, וועלכע האט דעמלט געציילט 300 טויזנט זעלנער, נישט וועלנדיק אוועקנעמען ביי טשערטשילן די מעגלעכקייט אנצוהייבן שלום־אונטערהאנדלונגען מיטן פאשיסטישן דייטשלאנד. היטלער האט געשטרעבט צו א פארשטענדיקונג מיט ענגלאנד און אפילו צו שליסן מיט איר א מיליטערישן אפמאך קעגן ראטנפארבאנד. טשערטשיל האט אין די געהיימע אונטערהאנדלונגען מיט היטלערן אים צוגעגעבן חשק דערצו.

דעם אָרדען, וואָס מאָנטגאָמערי האָט באַקומען פאַר גליקלעך אַדורכפירן די עוואַקואַציע פון זיין דיוויזיע, האָט ער צו פאַרדאַנקען היטלערן.

זומער יאָר 1942 זענען פאָרגעקומען קאַמפן אין עגיפטן. דאָס איז דאָס איינציקע אָרט אין דער וועלט, וווּ די ענגלענדער האָבן אויף אַן אמת געקעמפט. זיי האָבן פאַרטיידיקט זייער אייגנטום אין צפון־אַפריקע. ראָמעל האָט צעשפאַרט די אַכטע אַרמיי במעט ביז אַלעקסאַנדריע. ערשט אין האַרבסט איז פאָרגעקומען אַן איבערברוך: די דייטשן האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקציען. עס וואָלט אָבער געווען נאַאיוו צו האַלטן, אַז די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אַ ריקצוג דערפאַר, וואָס מאָנטגאָמערי האָט איבערגענומען די אָנפירערשאַפט איבער דער אַכטער אַרמיי אויפן אָרט פון גענעראַל ריטשיע. אויף די געלע זאַמדן פון ליביער מדבר האָבן אָפּגעשפּילט וויכטיקערע פאַקטאָרן, ווי דאָס קומען פון מאָנטגאָמערין אין שוואַרצן בערעט מיט דער ביקס.

אין דער דאָזיקער צייט האָט די ראַטנפאַרבאַנדישע אַרמיי געצויגן אויף זיך די איבערוויגנדיקע מערהייט פון די דייטשע פאַשיסטישע כּוחות — זומער יאָר 1942 האָט היטלער געוואָרפן קעגן דער ראַטנפאַרבאַנדישער אַרמיי 70 פּראָצענט פון זיינע מיליטערישע כּוחות און קעגן מאָנטגאָמערי — איין פינפטל פּראָצענט. די דייטשע הויפּט־כּוחות האָבן זיך פאַרבונדן אין אַן אויסזיכטלאָזן קאַמף הינטער סטאַלינגראַד. דעם העראָאיזם פונעם ראַטנפאַרבאַנדישן פאָלק פאַרדאַנקט די וועלט איר באַפרייונג. און בערנאַרד מאָנטגאָמערי — זיין אוואַנס אויף אַ מאַרשאַל און דעם טיטל סער, וואָס ער האָט באַקומען נאָכן פאַרענדיקן די צפון־אַפריקאַנישע קאַמפּאַניע.

אין דעצעמבער יאָר 1943 איז מאָנטגאָמערי נאָמינירט געוואָרן פאַרן הויפּט־אָנפירער פון דער ענגלישער אינוואַזיע־גרופּע אויפן אייראָפּעישן קאָנטינענט. און דאָך איז אַדורכגעגאַנגען מער ווי אַ האַלב יאָר ביז עס איז אַנטשטאַנען דער צווייטער פראָנט אין אייראָפּע.

אין נאָרמאַנדיע האָט מאָנטגאָמערי אָנגעגריפן מיט קריכערישע יצים. די באַשרייבונג פון זיין מלחמה־טעטיקייט אין אייראָפּע איז אינדערעמתן נישט קיין דערציילונג וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט געקעמפט, נאָר ניכער וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט נישט געקעמפט. דאָס איז געווען אַ באַוווסטזיניקע טאַקטיק, איבעריקנס נישט קיין מיליטערישע, נאָר אַ פּאָליטישע. מיט אַ צינישער אָפנהאַרציקייט האָט מאָנטגאָמערי זיך צו דעם אָנערקענט, אַז די ענגלענדער האָבן נישט בדעה צו אַקטיוויזירן זייער מלחמה־טעטיקייט אַזוי לאַנג, ווי לאַנג די דייטשן וועלן נישט אָפּגעשוואַכט ווערן דורך די קלעפּ פון דער ראַטנפאַרבאַנדישער אַרמיי, אין רעזולטאַט פון אומאויפ־

הערלעכע שווערע קאמפן אויפן מזרח. אזוי זענען געווען די אינסטרוקציעס פון משערטשילן וועגן די מיטלען און אופנים פון פירן דעם „געהיימען קריג" אויפן מזרח. ס'איז זיך נישט שווער צו אָריענטירן, אַז דאָס איז פאָרגעקומען אויפן חשבון פונעם פאַרגאָסענעם בלוט פונעם ראַטנפאַרבאַנדישן זעלנער.

צום סוף מערץ יאָר 1945 האָט מאָנטגאָמערי ענדלעך זיך דעצידירט צו פאָרסירן דעם רהיין. ווי באַקאַנט, איז אים פריער שווער געווען חושד צו זיין אין איילעניש, אָבער איצט האָט ער זיך אַ נעם געטאָן צו דער זאַך מיט אַזאַ שנעלקייט, ווי דאָרטן פון יענער זייט טייך וואָלט זיך געפינען די גאַנצע היטלעריסטישע אַרמיי. אין דער אמתן האָבן די ענגלענדער גע-האַט קענען זיך אויף דעם פאַרויסגעזעענעם קאמף־אָפּשניט סך־הכל צוויי מיט אַ האַלבער רעגולערע דיוויזיעס א. נ. „פאָלקס־גרענאַדירן".

דער קריכערישער טעמפּאָ פונעם צווייטן פראָנט האָט אַזוי געדויערט די גאַנצע צייט, מיטן אויסנאַם פון די לעצטע טעג, ווען דאָס פאַשיסטישע דייטשלאַנד איז זיך אונטער די מעכטיקע קלעפּ פון די ראַטנפאַרבאַנדישע אַרמיי פולשטענדיק פאַנאַנדערגעפאַלן. ערשט סוף אַפּריל יאָר 1945 האָט זיך דער פעלד־מאַרשאַל מאָנטגאָמערי אויפגעכאַפּט און מיט אַזאַ טעמפּאָ — וואָס האָט אים ביז איצט נעפעלט — געלאָפן מיט זיינע דיוויזיעס אויף מזרח צו דער לאַבע. וועגן בערלין איז שוין נישט געווען וואָס צו טאָן, אויף מזרח איז אַנטשטאַנען אַ צווייטער מאַגנעט, נעמלעך — די דורכן ראַטנפאַרבאַנדישן מיליטער צעקלאַפּטע פאַשיסטישע כחות, וועלכע האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף מערב. מאָנטגאָמערי האָט זיך צוגעאייַלט, בכדי זיי האַרציק אויפצונעמען מיט אָפענע אָרעמס.

און דאָס איז אים געלונגען. אין קעגנזאַץ צו די פאַרפּליכטונגען לגבי דעם ראַטנפאַרבאַנד האָט דער פעלד־מאַרשאַל אָפּגעהיטן די רעשטלעך פון פאָן בוש, ווי אויך די דיוויזיעס „גרויס דייטשלאַנד" פון פאָן מאַנטויפל, וואָס איז נאָך פעיק געווען צו קעמפן, פון אריינפאַלן אין סאָוויעטישער געפאַנגענשאַפט. שוין דאַן האָט מען דאָרט געטראַכט וועגן ווייטגייענדיקע פּלענער — וואָס ווערן ערשט איצטער רעאַליזירט. אין פאַנטעגבלאָ הינטער פאַריז געפינט זיך היינט דער שטאַב פון די מלוכות, וואָס געהערן צו דער אַזוי גערופענער מערב־אוניאָן. דאָס איז איינע פון די קיכן, וווּ מע גרייט צו די פּלענער פון דער אַגרעסיווער מלחמה. געקאָכט אין איר האָט ביז איצט נישט לאַנג איינער פון משערטשילס „פעיקע" ליבלינגען — דער 74־יאָריקער פעלד-מאַרשאַל סיר בערנאַרד מאָנטגאָמערי.

ערשט נישט לאַנג איז פאָרגעקומען אַ רירנדיקע באַגעגעניש. אין די מאַנעוורעס פונעם אַמעריקאַנישן מיליטער, וואָס זענען פאָרגעקומען אין

דער דייטשער מערב-סטרעפע, האט אויך אטיילגענומען דייטשישע מיליטער פארמאסקירט ווי „פאליציייאישע כוחות". מאנטגאמערי האט דארט געטראפן אלטע באקאנטע, אין שפיץ פון זיי — דעם גענעראל פאן מאנטויפל. אבער די סיטואציע האט זיך געענדערט. איצט איז מאנטויפל נישט ארויסגעטראטן ווי א שונא, נאר ווי א קאנקורענט. דער אמעריקאנישער באם גענעראל אמאר ברעדלי שאצט אפ אפן און פולשטענדיק די פעיקייט פון זיין געוועזענעם שונא א סך מער ווי די טאלאנטן פון זיין אלטן פארבונדעטן. דער גענעראל ברעדלי האט לייטיש ארייגעזאגט דעם פעלד־מארשאל מאנטגאמערי פאר דעם, וואס ער האט צוגעשטעלט א וויכטיק פולקאמען פלאן וועגן אן אנפאל אויפן ראטנפארבאנד, ווי דאס האט געטאן דער גענעראל מאנטויפל, וועלכער איז בשעתו צוזאמען מיטן גענעראל גודעריאן גענומען געווארן דורך מאנטגאמערי אין געפאנגענשאפט.

מאנטגאמערי האט צוגעזאגט מער זיך צו באמיען. און ער באמיט זיך טאקע. ער פארט איבער די הויפט־שטעט פון די מארשאליזירטע מלוכות און פירט אן אפענע מלחמה־פראפאגאנדע. אין בריסל האט ער זיך געווענדעט צו די צוהערער פון דער אפיצערן־שול מיט דער פאלגנדיקער רעדע: „די בריטישע ארמיי איז נויטווענדיק אין די ראמען פונעם בריסעלער פאקט... אויב זי וועט זיין אן ערשט־קלאסיקע, דאן דארפט איר נישט מורא האבן פאר די רעזולטאטן פון דער עווענטועלער מלחמה". אויף דער פראגע פון די בריסעלער זשורנאליסטן וואס ער קלערט וועגן דעם אטאם-וואפן, האט מאנטגאמערי — מיינענדיק זיכער, אז ער ענטפערט איז א דיפלאמאטישן סטיל אמווייניקסטן ווי טיילעראנד — דערקלערט: „וואס פאר א שיינער טאג היינט איז".

דעם פעלד־מארשאל מאנטגאמעריס לאנדס-מענער, די ערלעבע אר־בעטס־מענטשן פון ענגלאנד, האבן פשוט און אפן אויסגעדריקט זייער באציונג צום אטאם-געווער. אין קעגנזאץ צו מאנטגאמערין דוכט זיך זיי נישט אויס דער היינטיקער טאג אזוי שיין, ער איז פארכמארעט צוליבן בייסיקן רויך פון דעם פאקל, מיט וועלכן עס פאכן די מלחמה־אונטערצינדער. אין דער אנגענומענער רעזאלוציע אויף דער קאנפערענץ פון דער ענגליש־סאוויעטישער פריינדשאפט־געזעלשאפט האבן זיי דערקלערט:

„מיר באגריסן דעם פארשלאג פון ראטנפארבאנד וועגן פארבאטן די אטאם־באמבע און אלע מיטלען פון מאסן־פארניכטונג, מיר פאראורטיילן דאס אפווארפן דעם פארשלאג".

וואס ווייטער, ווערן די ארויסטרעטונגען פון מאנטגאמערין אלץ מער אגרעסיווער. דער פארעלטערטער פעלד־מארשאל פאכעט מיט זיין שווערד, וועלכע ער האט נישט געקאנט געהעריק אנווענדן אין דער צייט פון דער

מלחמה מיט די פֿאַשיסטן. אויפֿן באַנקעט אין ניו־יאָרקער האָטעל, אויף וועלכן ס'איז געקומען די סמעטענע פֿון וואָל־סטריט, האָט ער געזאָגט: „די נייע גרויסע אויפֿגאַבע פֿון דער מערב־פֿריינדשאַפֿט איז דאָס אָרגאַניזירן דעם קרייץ־צוג, וועלכער וועט דערוואָרעמען דאָס מענטשלעכע האַרץ און דערוועקן די פֿאַנטאַזיע"...

ווי אַזוי עס רעאַגירן די הערצער פֿון די פּשוטע מענטשן אויף די פֿינצטערע אויפֿפֿאָדערונגען פֿון די מלחמה־אונטערצינדער, איז צו זען כאָטש דערפֿון, ווי אַזוי די אַמסטערדאַמער איינוווינער האָבן מיט אויפֿרעגונג רעאַגירט אויף מאָנטגאָמעריס חשק צו באַזוכן אַמסטערדאַם. די באַפֿעלקערונג האָט דערקלערט דעם בירגער־מייסטער, אַז זיי ווילן נישט זען ביי זיך אין שטאָט דעם מלחמה־אונטערצינדער, און זיי וועלן נישט דערלאָזן, אַז מאָנטגאָמערי זאָל צו זיי קומען.

אָבער די טעטיקייט פֿון מאָנטגאָמערי באַגרענעצט זיך לחלוטין נישט מיט האַלטן בלויז שיינע דרשות. אין אַמעריקע האָט ער געפֿירט געשפּרעכן מיט די מיליטערישע אָנפֿירער פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. אויף דער פֿראַגע פֿון די זשורנאַליסטן וועגן דעם אינהאַלט פֿון די געשפּרעכן האָט מאָנטגאָמערי געענטפֿערט מיט זיין פֿינצטערן הומאָר־סטיל:

„מיר האָבן געשמועסט וועגן רעגן, וועגן שיין וועטער, ווען דאָס וועטער איז שלעכט — ווילט איר אָן שום ספֿק אַ שירעם — אַ מיליטער־שירעם, כאַ־כאַ־כאַ!"...

מאָנטגאָמערי איז אַרויסגערופֿן געוואָרן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, נאַטירלעך, נישט צו שמועסן וועגן מעטעאָראָלאָגיע. ער האָט זיך געמאָלדן צו זיינע הערן נאָך אינסטרוקציעס. ביי זיינע 74 יאָר, נישט געקוקט אויף דער ראַנגע פֿון אַ פֿעלד־מאַרשאַל און זיין אַדל־שטאַם פֿילט ער אויס די ראָל פֿון אַ קוריער ביי זיינע אַמעריקאַנער באָסן. מע קאָן דאָס נישט אָנרופֿן אַ בכבודיקע עלטער. אָבער מאָנטגאָמערי פֿילט וואָרשיינלעך נישט אָפּ די שאַנד פֿון דעם אופֿן פֿון זיין עקזיסטענץ. מע קאָן האָבן די ראַנגע פֿון אַ פֿעלד־מאַרשאַל און גלייכצייטיק אַ פּסיכיק פֿון אַן אָרדינאַנס. נאָך אין יאָר 1945 האָט ער זיך געריממט, אַז ער האָט באַקומען אַן אַמעריקאַנישע מיליטער־לעגיטימאַציע און אַז דער אָפּדרוק פֿון זיינע פֿינגער איז רעגיסטרירט אין קריגס־מיניסטעריום אין וואַשינגטאָן. „דאָס איז רומפֿולער, ווי דער אָפּדרוק פֿון די פֿינגער זאָל זיין רעגיסטרירט אין דער פּאָליציי" — ער האָט געשפּאַסט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון דערפֿון, אַז פֿון זיינע רייד פֿילט זיך די דורכגעטריבענע כיטרעקייט, וואָס איז די אייגנשאַפֿט פֿון אַ לאַקיי.

דאָס זעלבע נעמלעך האָט ער געזאָגט אויף אַ רעאַקציאָנערער פֿאַר־זאַמלונג פֿון דעם „פֿאַרבאַנד פֿון ענגליש רעדנדיקע מענטשן" אין ניו־יאָרק. „אַ ריכטיקע צוזאַמענאַרבעט צווישן די מלוכות איז אוממעגלעך, אויב יעדע מלוכה וועט נישט זיין גרייט, אין פֿאַל ווען דאָס וועט נויטווענדיק זיין, צו רעזיגנירן טיילווייז פֿון איר סוווערעניטעט".

מאָנטגאָמערי האָט ליב זיך אַליין אָנצורופֿן „דער אינטערנאַציאָנאַלער זעלנער". און פֿאַקטיש איז ער דער היינטצייטיקער לאַנדסקנעכט אָן אַ פֿאָטערלאַנד, באַפֿרייט פֿון נאַציאָנאַלער ווירדע, מחמת דעם פֿאַרקויפֿן זיין פֿאַר זשאַווערטע שווערד די פֿינאַנס־באַראָנען פֿון וואָל־סטריט.

אין דעם זין איז מאָנטגאָמערי נישט קיין אויסנאַם אין די הערשנדיקע ענגלישע ספֿערן, וועלכע זענען מקריב זייער לאַנד צוליב די אַגרעסיווע מיליטערישע צילן פֿון אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם.

אומגעקערט זיך צוריק פֿון וואַשינגטאָן, האָט מאָנטגאָמערי, אין הסכם מיט די דערהאַלטענע אינסטרוקציעס, דערקלערט:

„אויב מיר טרעטן צו צו דער רעמיליטאַריזאַציע פֿון דייטשלאַנד, מוזן מיר נישט וואַרטן אויף דער צושטימונג פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג. די פֿאַרבינדעטע רעגירונגען דאַרפֿן תּיכף צו דעם צוטרעטן". מאָנטגאָמערי האַלט, אַז ס'איז נישט צוועקמעסיק צו וואַרטן אויף דער אַפּראָבאַטע פֿון דער עפֿנטלעכער מיינונג. ער וועט קיינמאָל זיך נישט דערוואַרטן, אפֿילו ער זאָל פֿאַרטאָפּלען זיין עלטער.

אויף דער גאַנצער וועלט וואַקסט דער לאַגער פֿון שלום, די פֿעלקער ווילן נישט מער קיין מלחמה.

און דער אַלטער אימפּעריאַליסטישער לאַקיי, פֿעלד־מאַרשאַל מאָנטגאָמערי, שלעפּט זיך אַרום איבער דער וועלט און אָרגאַניזירט נייע מאַסן־מאָרדן. „רעגאַלדס ניוס" ציטירט איינע פֿון זיינע בלוטדורשטיקע רעדעס, ווו ער האָט דערקלערט, „די נייע מלחמה וועט זיין פֿאַר אונדז אַן אמתער יום־טוב, מיר וועלן הרגענען אַ סך מענטשן"...

דער ביאָגראַף פֿון דעם פֿעלד־מאַרשאַל מאָנטגאָמערי, צוזאַמענשטעלנדיק נישט מיט קיין קליינע אָנשטרענגונגען די קאַרגע רשימה פֿון זיינע מעלות, שטרייכט אונטער, אַז ער רייכערט קיינמאָל נישט קיין ציגאַרן, באַנוצט נישט קיין אַלקאָהאָל, און זיין באַליבט בוך איז די ביבל.

ווי באַקאַנט, איז היטלער אויך געווען אַ וועגעטאַריער. ער האָט געציטערט פֿאַרן געדאַנק, אַז מע קאָן שעכטן אַ הענדל, אָבער נישט טוענדיק קיין פֿינגער מיטן אויג, האָט ער געשיקט אויף שרעקלעכע מאַרטערן און מאַרטירער־טויט מיליאָנען מענטשן.

דאָס ראַטנפאַרבאַנד־ישע פאָלק ריכט זיך דערמיט, וואָס אדאַנק זיין העלדאָיזם איז ניצול געוואָרן די מענטשהייט פון דער פאַשיסטישער פאַרקנעכטונג, איינשליסנדיק דאָס פאָטערלאַנד פון פעלד־מאַרשאַל מאָנטגאָמערי.

אומדאַנקבאַרע האָבן אַ קורצן זכרון.

מאָנטגאָמערי איז באַלוינט געוואָרן נישט פּאָרפּאָרציאָנעל לויט זיינע פאַרדינסטן, אָבער דער גאַווהדיקער גיפּט גיסט זיך ווידער איבער אין זיינע סקלעראָזישע אָדערן. מאָנטגאָמערי האָט דערגרייכט דאָס, וואָס עס איז אים געקומען. צו דעם פּרעכטיקן קראַנץ פון ערע און ראַנגען קומט אים צו נאָך איין ראַנג — מלחמה־אונטערצינדער.

מ. מיכײלאָוו

## טיטאָ דער הענקער און געהילף פון די הענקערס

אין מערבדיקן טײל פון מיטללענדישן ים פּאַרטײדיקט די אינטערעסן פון אימפּעריאַליזם דער פאַשיסט פראַנקאָ. אין מזרחדיקן טײל שטײט אויף דער װאַך פון די אַגרעסאָרן דער פאַשיסט טיטאָ, דער קלײנער נאָכפאָלגער פון היטלערן, דער קאַמעראַד פון די אַטענישע הענקער, דער פּאָליצײ־פּראָװאָקאַטאָר, װעמען די אימפּעריאַליסטן האָבן אױעקגעשטעלט פאַר א „פירער" פון יוגאָסלאַװיע, טיטאָ — דער אינסטרומענט פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם אויף די באַלקאַנען, דער מלחמה־אונטערצינדער און דער אונטערשטיצער פון דער אַמעריקאַנער אַגרעסיע קעגן קאָרעישן פאָלק.

װער פאַרדינט א גרעסערע פאַראַכטונג פון א הענקער? א לאָקײ פון א הענקער.

טיטאָ — איז דאָס ערשטע און דאָס צװײטע.

א סך זענען געװען די הענקער, װעמען טיטאָ האָט געדינט אין משך פון זײן שענדלעך לעבן, און דעם דאָזיקן פאַקט דאַרף מען, װאָרשײנלעך, צושרײבן דאָס, װאָס דער דאָזיקער בשותפותדיקער לאָקײ, װעלכער איז אַדורכגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט — פון הערשער צו הערשער, — האָט אין זײן פּערזאָן קאָנצענטרירט די אײגנשאַפטן פון דער היטלעריסטישער בעסטיאַלישקײט און גאװה, פון טשערטשילס רכילות־טרײבערײ און פערפידיע, און פון טרומאַנס אכזריות און בלוט־דורשטיקײט.

טיטאָ — ענלעך צו מוסאָלינין, האָט אָנגעהויבן זײן פּאָליטישע „קאַריערע" אין דער אַרבעטער־באַװעגונג. אין יאָר 1928 װערט ער דורך דער יוגאָסלאַװישער פאַשיסטישער פּאָליצײ אַרעסטירט. א געריכטס־פאַרהאַנדלונג, אַן אורטײל, טורמע... און דאָך איז אַן אַרעסטאַנט צו אַן אַרעסטאַנט נישט גלײך...

די שװײצאַרישע בורזשואזע װאָכן־צײטונג „זי אונד ער" האָט אין יולי 1948 איבערגעגעבן א רעװעלאַציע־נײעס: „װען פאַר דער גאַנצער װעלט איז טיטאָ אָפּגעזעסן זײן אורטײל װי א קעמפער פאַרן קאָמוניזם, האָט ער אין דער װירקלעכקײט שױן אין 1930 יאָר זיך פאַרקויפט צו

פּאָוועליטשעס פאַשיסטישע „אַטאַשאַווצעס" און דורך זיי אַפילו אַרויסגע־שיקט געוואָרן אויף אַ שולונג אין אַ היטלעריסטישן אויסשולונגס־לאַגער ביי מינכען.

* * *

טיטאָ האָט זיך אומגעקערט פון דער טורמע שוין ווי אַן אויסגעשול־טער דיווערסאַנט און אַגענט פון אַ פרעמדן שפּיאָנאַזש, ווי אַ דיפּלאָמיר־טער שעדיקער פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. ער האָט זיך אָבער זייער גוט פאַרמאַסקירט. ווי אַ „פּאָליטישער עמיגראַנט" זיך אַריינבאַקומען קיין מאָסקווע און באַלד אָנגעבונדן דאָרט אַ קאָנטאַקט מיט די טראָצקיסטישע באַנדעס. די טראָצקיסטיש פאַשיסטישע אַגענטורן און דיווערסיע־צענ־טערן, וואָס זענען געוואָרן פינאַנסירט דורכן וועלט־אימפּעריאַליזם, זענען אין די יאָרן 1936—38 אין ראַטנפאַרבאַנד דעמאַסקירט און צעקלאַפּט געוואָרן. אָבער אַ טייל פון די אַגענטן האָבן דורכגעהאַלטן, פאַרבאָרגנדיק און מאַסקירנדיק זייער טעטיקייט. דורכגעהאַלטן האָט אויך טיטאָ. דורכ־געהאַלטן האָט אויך טרייטשאָ קאָסטאָוו. אַ דאַנק זיין הילף איז טיטאָ נישט בלויז נישט דעמאַסקירט געוואָרן, נאָר אויך אַרויסגערוקט געוואָרן אויף אַן אָנפירנדיקן פּאָסטן אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי פון יוגאָסלאַוויע.

* * *

פאַרבלענדעט פון מעגאַלאָמאַניע, האָט דער קליינער פּראָוואָקאַטאָר טיטאָ געוואָרט אויף אַ גרויסער „קאַריערע". געהאָלפן דערין האָבן אים, נישט אַזוי פּאָליטיש, ווי פּאָליציייאיש, זיינע „מחותנים": „פּאָוועליטשעס", „אַסטאַשן", היטלערס פאַשיסטן און טראָצקיס אַגענטן. ווען די מלחמה האָט אויסגעבראָכן, איז טיטאָ, וועלכער האָט מיט זיינע מענטשן באַזעצט אַלע שליסל־פּאָזיציעס אין דער אָנפירונג פון דער ק.פּ.י., שוין געווען גרייט צו זיין ראָל.

דער טעראָר פון דער געסטאַפּאָ האָט געבושעוועט אין לאַנד. מאַסן־מאָרדן און אַרעסטן זענען געווען געווענדעט מיט דער גאַנצער שאַרפקייט קעגן די קאָמוניסטן — די אָרגאַניזאַטאָרן אין קאַמף מיטן פאַשיזם. אָבער טיטאָ מיט זיינע באַנדיטן — ראַנקאָוויטש און אַנדערע — האָבן פריי גע־הוליעט אין בעלגראַד. זיי האָבן אַפילו געפּראַוועט שיכורע אָרגיעס אין די קניפּ־יעס", וווּ עס פלעגן אַריינקומען היטלעריסטן — אין „צענטראַל" און אין „זאַנאַצקי" אין שכנות מיטן גענעראַל־שטאַב פון דער היטלעריס־טישער אָקופּאַציע־אַרמיי. זיי זענען אַרומגעפאָרן אין אויטאָס. זענען אינ־גאַנצן נישט פאַרקאָנספּירירט געווען: ס'האָט געפּלאַסן שטראָמענווייז

אַלקאָהאָל אין טיטאָס קאָמפּאַניע, און ס׳האָט געפלאָסן שטראָמענווייז דאָס בלוט פון יוגאָסלאַווישן פאָלק.

* * *

דאָס יוגאָסלאַווישע פאָלק האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. דער אַרבעטער-קלאַס האָט געקעמפט. אויף זיין קאָנסעקווענטן וועג פון פאָלקס־פאַראַט זוכט טיטאָ אַ קאַריערע פון אַ דיווערסאַנט, ווי אַ „פירער" פון דער ווידערשטאַנדס־באַוועגונג. דאָס האָבן אויך געוואָלט די אימפּעריאַליסטישע פּראָטעקטאָרן, וועמען ס׳איז נייטיק געווען „אייגענע מענטשן" אין דער אָנפירערשאַפט פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג. און אַזוי — נישט וויסנדיק נאָך געגנוי, צי דער לוין וועט זיין אין מאַרקן, פונטן, אָדער דאָלאַרן — האָט טיטאָ אין זיין בלוטיקער קאָמפּאַניע אָרגאַניזירט אַ שטאַב פון אַ „באַפרייונגס־אַרמיי".

די ערשטע „קאָנספּיראַטיווע פאַרזאַמלונג" איז פאָרגעקומען אין הויז פון יוגאָסלאַווישן מאַגנאַט, דעם אייגנטימער פון דער מאָנאַרכאָ־פאַשיסטישער צייטונג „פּאָליטיקאַ", וולאַדיסלאַוו ריבניקער, וועלכער האָט אין דער זעלבער צייט פאַרעפנטלעכט אַן אַפּעל צום סערבישן פאָלק און עס גערופן צו זיין געהאָרכזאַם דעם אָקופּאַנט. ריבניקער איז געווען אַן אַגענט פון דער יוגאָסלאַווישער אָכּענסיווע. און טיטאָס נאָענטסטער קאָמפּאַניאָן — ראַנקאָוויטש, אַ טיפּ מיט אַ טונקעלער פאַרגאַנגענהייט, איז פון יאָר 1941 געווען אויף אויסהאַלטונג ביי דער געסטאַפּאָ. בכדי צו דעמאַסקירן דעם פאַראַט, וועט ראַנקאָוויטש „אַרויסגעגנבעט" פון טורמע, אָבער צענדליקער קאָמוניסטן, וועלכע זענען געזעסן צוזאַמען מיט אים, זענען אומגעקומען אין די קאַזעמאַטן פונעם אָקופּאַנט.

אויסגעשולט דורך דער געסטאַפּאָ, אָרגאַניזירט ראַנקאָוויטש צוזאַמען מיט טיטאָ אַ סיסטעמאַטישע „רייניקונג" אין די רייען פון ק.פ.י. צווישן די קאָמוניסטן, וועמען מע קאָן נישט שטילערהייט דערמאָרדן, אָדער אוועקשיקן אויף דעם באַדראָעטסטן אָפּשניט פון קאַמף אויף אַ זיכערן טויט — דער ווערט פשוט דענונצירט אין געסטאַפּאָ. דער פועל-יוצא: אין דער מלחמה-צייט זענען דורך טיטאָ און ראַנקאָוויטשן אומגעקומען 9 טויזנט פאַרמלחמהדיקע קאָמוניסטן, צווישן זיי 10 מיטגלידער פון צ.ק. און הונדערטער פונקציאָנערן, אויף ווייערע ערטער זענען געקומען טיטאָס מענטשן.

אויף די סערבישע געביטן, וואָס זענען באַפרייט געוואָרן דורך די פּאַרטיזאַנער, בינדן אָן טיטאָ און ראַנקאָוויטש אַ קאָנטאַקט מיט דעם אָפענעם היטלער־אַגענט, דעם פירער פון די היטלערישע טיילן — מיכיילאָוויטשן. טיטאָ שיקט זיין פריינד געוועזער, בכדי מיכיילאָוויטש זאָל קאָנען

אָנפאַלן מיט זיינע האָרדעס אויף דער שטאָט אָזשיץ, וועלכע איז באַפרייט געוואָרן דורך די פאַרטיזאַנער.

די העלדישע פאַרטיידיקער פון דער שטאָט, אָנגעפירט דורך זשוויטשן — וואָס איז איצט אַרעסטירט דורך די טיטאָ־פאַשיסטן — האָבן אָפּגעשלאָגן דעם אָנגריף, מיכיילאָוויטשן האָט געדראָט אַ מפּלה. אָבער טיטאָ האָט בכבודיק אויסגעפירט די ראָל פון אַ יודאַש. ער האָט אַרויסגעגעבן די פאַרטיזאַנער אַ באַפעל אָפּצושטעלן די אָפענסיווע, און אַליין, מיט זיין שטענדיקן באַגלייטער ראַנקאָוויטשן, אָנגעהויבן פירן פערטראַקטאַציעס מיט מיכיילאָוויטשן. די פערטראַקטאַציעס זענען פאָרגעקומען אונטערן שאַרפן אויג פון דעם ענגלישן אָפיצער און שפּיאָן — הודסאָן. די פערטראַקטאַציעס האָבן געבראַכט די דערוואַרטעטע רעזולטאַטן. ס'איז נישט באַקאַנט, אויף וואָס פאַרא פלאַטפאָרם די אַגענטן זענען געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג. ס'איז אָבער גענוי באַקאַנט קעגן וועמען זיי האָבן זיך פאַרבונדן: קעגן יוגאָסלאַווישן פאָלק. דער צופרידענער טשערטשיל האָט צוגעשיקט אַ טעלעגראַמע „די בריטישע רעגירונג באַגריסט די יוגאָסלאַווישע פירער אין צוזאַמענהאַנג מיט דער דערגרייכטער פאַרשטענדיקונג".

די בריטישע אימפּעריאַליסטן האָבן אַזוי לאַנג געשטעלט אויף מיכיילאָוויטשן, ווי לאַנג זיי האָבן דערוואַרט דעם זיג פון היטלער-דייטשלאַנד, אָדער לכל־הפּחות אויף דעם „קעגנזייטיקן אויסבלוטיקן זיך" פון די קעמפנדיקע צדדים. די אַנגלאָ־סאַקסן האָבן דאָך נאָר מינימאַל אָנטיילגענומען אין די קאַמפן. אָבער נאָך סטאַלינגראַד, נאָכן מעכטיקן אויפשטייג פון דער נאַציאָנאַל־באַפרייַערישער קאַמפּס־באַוועגונג פון די אָקופּירטע לענדער — איז די ענגלענדער נייטיק געוואָרן אַ „לינקע" דיווערסיע. טשערטשילס שטאַב האָט דעצידירט: איבערשטעלן זיך אויף טיטאָ.

דער בריטישער שפּיאָנאַזש, ווי עס שטעלט פעסט די איטאַליענישע רעכטע צייטונג „עלעפאַנטעס", האָט געהאַט אין זיין רשות דאָקומענטן, וועלכע האָבן באַשטעטיקט די קאָנטאַקטן פון טיטאָ מיט די היטלעריסטן. די טיטאָ-קליקע האָט שוין נישט געהאַט קיין שום האָפענונגען אויפן זיג פון די היטלעריסטן אין דער מלחמה. די טראַנזאַקציע איז שנעל דורכגעפירט געוואָרן — פון אַ היטלעריסטישן אַגענט ווערט טיטאָ אַן אַגענט פון דער „אינטעלידזשענס־סערוויס".

די אויפגאַבן, וועלכע טיטאָ האָט אויסגעפירט אונטער דער אָנפירונג פון די נייע ברויט־געבער, זענען נישט געווען קיין אַנדערע פון די פריקע. די בריטישע אימפּעריאַליסטן — ענלעך צו די דייטשישע — זענען צומייסטן פאַראינטערעסירט געווען אינעם דערשטיקן די נאַציאָנאַל־באַפרייַ-

רישע באוועגונג. אין רעזולטאט פון דער פארטעטרישער טעטיקייט פון דער טיטא־קליקע זענען פון די פארטיזאנישע הויפּט־כּוחות ארייננעצויגן געווארן אין דער פולאפקע 25 טויזנט מענטשן. טיטא, ראנקאוויטש און דזשילאס זענען פארשוונדן פון דעם באדראָטן אָרט אויף אזא אופן, וואָס נאר זיי און די היטלעריסטן איז דאָס באקאנט.

בכדי אפצוהיטן זייערע גייע דעראָבערונגען, האָבן די ענגלענדער אריינגעשיקט קיין יוגאסלאוויע א שטארקן אנסאמבל פון שפּיאָנען, ווי דעם גענעראל מאקלעאנע, און שפּעטער טשערטשילס זון ראנדאלפן און א גרופּע קלענערע אגענטן.

שוין אין יאר 1943 איז, אין רעזולטאט פון די פּערטראקטאציעס צווישן דעם שעף פון אמעריקאנישן שפּיאָנאזש אלען דאלעס און דעם פאָרשטייער פון דייטשישן יונקערטום, אנטשמאנען דער אנטי־דעמאקראטישער בלאָק „די באלקאנישע פעדעראציע" אונטער דער אָנפירונג פון טיטאָ.

דער דייטשישער שפּיאָנאזש איז געקומען צו א הסכם מיט דעם ענגלישן און אמעריקאנישן. אויספירן דעם דאָזיקן פּלאַן האָט מען איבערגעלאָזט — טיטאָן.

פרילינג 1943 שיקט טיטא קיין אלבאניע דעם פּראָוואָקאטאָרישן שפּיאָן און געסטאפּא־אגענט וווקמאנאוויטשן, וועלכער איז דורך די היטלעריסטן געשיקט געוואָרן קיין יוגאסלאוויע, נאָך אין יאר 1941, אויף דיווערסיע־ארבעט. וווקמאנאוויטש האָט די אויפגאבע צו דערפירן צו דער קאָאָרדינאציע פון דער יוגאסלאווישער ווידערשטאנדס-באוועגונג און דער אלבאנישער, פּראָפּאגירן די קאָנצעפּציע פון א „באלקאנישן גענעראלשטאב" און דאן פאראייניקן יוגאסלאוויע און אלבאניע, כּלומרשט דערפאר, ווייל די לעצטע קאָן נישט „זעלבשטענדיק עקזיסטירן".

אנדערע אגענטן האָבן געטאָן אן ענלעכע ארבעט אין גריכנלאנד און אין בולגאריע. דער פארטרעטער און שפּיאָן טרייטשא קאָסטאָוו, אנהאלטנדיק פון יאר 1944 אן ענגן קאָנטאקט מיט טיטא, קארדעל, דזשילאס, ראנקאָוויטש — האָט אויף זיין פּראָצעס געזאָגט: „טיטאָ אין יוגאסלאוויע, און איך אין בולגאריע האָבן געהאט איין אויפגאבע: רעאליזירן די פּאָליטיק פון אָפּרייסן אונדזערע לענדער פון ראטנפארבאנד און איינשליסן זיי אין אנגלא־אמעריקאנישן בלאָק".

טיטאָס אריינגעשיקטע מענטשן האָבן זיך געפונען אין דער אָנפירונג פון דער באפרייונגס־באוועגונג פון בולגאריע, אלבאניע און אונגארן. קאָסטאָוו, קאָטשע, דזשאָ דזשע און רייק האָבן זיך באמיט פון איגעווייניק צו צעזעצן די אנטי־פאשיסטישע באוועגונג. נאָך דער באפרייונג האָבן

זיי געוואָלט — אונטערן מענטעלע פון אזוי גערופענעם „נאַציאָנאַלן קאָמו־ניזם״ — אַראָפּוואַרפן די מאַכט פון פאָלק אין זייערע לענדער. אָבער זייערע חשבונות האָבן איבערגעשטראָכן די פעלקער.

דערווייל האָט די סאָוויעטישע אַרמיי אין איר זיגרייכן מאַרש זיך א רוק געטאָן פאָרויס. ווען די סאָוויעטישע זעלנער האָבן פאַרגאָסן בלוט פאַר בעלגראַד — די הויפּט־שטאָט פון יוגאָסלאַוויע, האָט טיטאָ און זיין קאָמפּאַניע געמאַכט באַנקעטן אויפן אינדזל וויסט אין פּאָרט באַרי.

אין דעם מאָמענט, ווען יוגאָסלאַוויע איז באַפרייט געוואָרן, האָט טיטאָ אויפן באַפעל פון זיינע מאַכט־האָבער געענדערט די פאָרם פון זיין טעטי־קייט. מע האָט זיך באַדאַרפט איבערשטעלן און נאָך מער שווינדלעריש, נאָך מער פערפיד פירן א צווייזייטיקע פּאָליטיק פון אונטערהדיקן דאָס אייגענע לאַנד, מאַכן דיווערסיעס אין די לענדער פון דער פאָלקס־דעמאָקראַטיע, זייען האַס צום ראַטנפאַרבאַנד, — ביי א גלייכצייטיקן איינהאַלטן דעם אָנשטעל. דער „אידעאָלאָגישער״ אינסטרומענט פון דער נייער פּאָליטיק איז געוואָרן דער נאַציאָנאַליזם״.

א געוויסע צייט האָט מען געקאָנט די מאַנעוורן פאַרדעקן, אָבער אויף א לענגערן פעריאָד איז שווער געווען אַזאַ צושטאַנד אויפצוהאַלטן. א דאַנק דער וואַכזאַמקייט און קלוגשאַפט פון דער אַלקפּ(ב), איז די מאַסקע אַראָפּגעריסן געוואָרן. די טיטאָווטשינע איז אויפגעדעקט געוואָרן ווי א וועדקציג פון אימפּעריאַליזם — טיטאָס אַגענטורן און די אַנגלאָ־אַמעריקאַנישע שפּיאָנען אין די קאָמוניסטישע פּאַרטייען זענען צעקלאַפּט געוואָרן. טיטאָ האָט, נאָכדעם ווי ער איז דעמאַסקירט געוואָרן דורכן אינפאָרמאַציע־ביוראָ, פאַנאַנדערגעוויקלט א ווילדן טעראָר קעגן די יוגאָסלאַווישע פּאַטריאָטן. „מיר מוזן זיי ליקווידירן — האָט זיך געריממט דער הענקער — און מיר וועלן זיי אויף זיכער ליקווידירן״. זיי — דאָס הייסט — די קאָמוניסטן, די יוגאָסלאַווישע פּאַטריאָטן.

געפּאָרט דערמיט גייט דער אויספאַרקויף פון די נאַטירלעכע רייכטימער און דער אינדוסטריע פון יוגאָסלאַוויע — די ענגלישע און אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן — פאַר מילך־פראַשעק און הארמאַטן. געפּאָרט דערמיט — דאָס פאַרוואַנדלען יוגאָסלאַוויע אין אַן אַגרעסיע־באַזע קעגן ראַטנפאַרבאַנד און די דעמאָקראַטישע לענדער, דאָס אַריינשטעכן א מעסער אין די פּלייצעס פון דעם קעמפנדיקן גריכישן פאָלק און אין די פעלקער פון שלום־לאַגער.

געפּאָרט דערמיט — שיכורע אָרגיעס פון די „פירער״ און שרעקלעכע נויט פון די מאַסן, בריליאַנטענע רינגען אויף די פינגער פון טיטאָ, און קייטן אויף די הענט פון צענדליקער טויזנטער פּאַטריאָטן.

טיטאָס צוויי פרישרדיקע מאַכט־האָבער — כאָרוואַטישע פאַשיסטן און היטלעריסטן — האָט שוין לאַנג דער רוח גענומען. דער דריטער הער, דער בריטישער אימפּעריאַליזם, קוילערט זיך שוין אויך באַרג אַראָפּ. און טיטאָ האָט מורא, האָט מורא פאַר דער צוקונפט פון דעם פערטן און לעצטן אַמעריקאַנישן מאַכט־האָבער. האָט מורא פאַרן גורל פון אימפּעריאַליזם בכלל.

דער תלין פונעם יוגאָסלאַווישן פאָלק לעבט אין שרעק, אין אַן אָפּגעהיטענעם שלאָס, אַרומגעשטעלט דורך סאַמע פאַרטרוילעכע אַגענטן פון זיין טרויעריק־באַרימטער אָ.דע.ווו. — טיטאָס געסטאַפּאָ. וואָס אַן אמת, גיסט זיך טאַקע שאַמפּאַניער אויף די אויפנאַמעס פון די ענגלישע און אַמעריקאַנישע דיפּלאָמאַטן, וואָס אַן אמת, מערן זיך די דענקמעלער פון דעם רענעגאַט, ווי אויך די גאַסן אויף זיין נאָמען. אָבער טיטאָ ווייסט גוט די אמתע שטימונגען פון יוגאָסלאַווישן פאָלק.

ביינאַכט שליכן זיך דורך אויף די גאַסן פון דער שטאָט אונטער די מויערן מענטשן־שאָטנס. אויף די מויערן באַווייזן זיך פּילזאָגנדיקע קאַריקאַטורן: אַ תליה, אויף וועלכער עס הענגט אַ קליין מענטשל מיט גרינגע שטריכן פון גערינגען, מיט אַ גרויס מאַרשאַל־היטל...

דאָס דערמאָנען די יוגאָסלאַווישע רעוואָלוציאָנערן דעם תלין און דעם לאָקיי פון די תלינים — נירענבערג...

מ. מיכיילאָוו

## קאָנראַד אַדענאַוער דער פּאַרטרוּויונגס־מאַן פון די וואָל־סטריט־באַנקירן

אַדענאַוער איז היינט אַלט 75 יאָר. שוין גאָר פרי האָט ער אָנגעהויבן זיין קאַריערע ווי אַ רעאַקציאָנערער פּאָליטיקער. אין 1906 יאָר איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פּאַרטרעטער פון אַ ראַטמאַן אין דער שטאָט קעלן, און מיט 11 יאָר שפּעטער האָט ער איבערגענומען דעם אַמט פון אויבער־בירגערמייסטער אין דער שטאָט קעלן, וועלכע איז שטענדיק אָנגעגאַנגען ווי אַ נעסט פון דעם ערגסטן רעאַקציאָנערן קאַטויילישן קלער אין דייטשלאַנד. ווי אַן אויבער־בירגערמייסטער איז ער אויטאָמאַטיש געוואָרן אַ מיטגליד פון דעם פּרייסישן „הערן־הויז" (סענאַט), ער איז שנעל פּאָפּו־לער געוואָרן דורך זיינע רעדעס, אין וועלכע ער האָט גלאָריפיצירט די אימ־פּעריאַליסטישע מלחמה־פּאָליטיק פון דעם קייסערלעכן דייטשלאַנד. פון יענער צייט ביז היינט צו טאָג האָט אַדענאַוער אָן אויפהער געהעצט צו מלחמה און אַגרעסיע.

אין 1918 יאָר, ווען דער דייטשישער אַרבעטער־קלאַס איז אויפגע־שטאַנען אין קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטן, איז אַדענאַוער, נאַטירלעך, געווען אויף דער צווייטער זייט פון דער באַריקאַדע. ער האָט פאַרלאַנגט פון דער אַנטאַנטע, זיי זאָלן צוזאַמען מיט די דייטשן גיין קעגן דער זיגרייכער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, דערשטיקנדיק פריער בלוטיק דעם קאַמף פון דייטשישן אַרבעטער־קלאַס.

ווען אין קעלן זענען אויסגעבראָכן הונגער־אומרוען, און די אַרבע־טער זענען אַרויס אין גאַס מיטן געשריי „אַוועק מיט די גראַופּעננאַוערס (פון דעם וואָרט גראַופּען — מיט וועלכע אַדענאַוער האָט געשפּייזט די באַפעלקערונג פון זיין שטאָט), האָט דער אויבער־בירגערמייסטער פון קעלן געענטפערט די דעמאָנסטראַנטן מיט מאַשין־געווער.

אין דער אָקופּאַציע־צייט, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אַדע־נאַוער, זייענדיק אויפן זשאָלד פון פראַנצויזישן שפּיאָנאַזש, געוואָרן אַ פאַרמיטלער פון דעם סעפּעראַטיזם פון רהיין. דער באַקאַנטער סעפּאַראַ־טיסט, דער פראַנצויזישער אַגענט ד"ר דאָרטען, האָט דעמאָלט צוגעגרייט דאָס אָפּרייסן דעם רהיין־ פון דייטשלאַנד, און אַדענאַוער האָט אין דער

אפּערעטן-מלוכה באַדאַרפט פאַרנעמען דעם פּאָסטן פון פּרעמיער. אָבער אויף צו רעאַליזירן זיינע חלומות צו ווערן אַ מאַריאָנעטן־פּרעמיער האָט דער אַלטער אויסוווּרף געמוזט וואַרטן 30 יאָר.

אין די היטלעריסטישע צייטן רוקט זיך אַדענאַוער אָפּ פון דער אָפּי־ציעלער פּאָליטישער אַרענע, וואָס דאָס שטערט אים לחלוטין נישט „גישט־אָפּיציעל" אונטערצושטיצן די נאַציסטישע פּאָליטיק.

אָבער אַדענאַוער האָט זיך נאָך פריער באַצויגן מיט ענטוזיאַזם צום פאַשיזם: דעם 11־טן פעברואַר 1929 האָט ער געשיקט אַ טעלעגראַם צו מוסאָליני־ן, אין וועלכער ער שרייבט: „דער נאָמען מוסאָליני וועט פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון דער קירכע". בעת דעם שפּאַנישן קריג, ווען אַדענאַוער האָט געלויבט דעם הענקער פראַנקאָ — האָט פראַנקאָס צייטונג „אַריבאַ" אים אָנגערופן: „איינער פון די סאַמע שאַרפּאויגיקע און פּאָרויסזעענדיקע פּערזענלעכקייטן אין פּאָליטישן לעבן". אין דער צייט-שריפט „אייראָפּעישע געשפּרעכע" טרעט אַדענאַוער אַרויס אין דער זעלבער צייט ווי אַן ענטוזיאַסט פון דער היטלעריסטישער „לעבנס־ראַום"־פּאָליטיק און שרייבט: „אין דריטן רייך איז פאַראַן צו ווייניק אָרט פאַר אונדזער גרויסער צאָל באַפעלקערונג, מיר מוזן האָבן פאַר זיי מער רוים".

נאָכן אַטענטאַט פון די גענעראַלן אויף היטלערן ווערט אַדענאַוער אין יאָר 1944 אויף אַ קורצער צייט — איינגנטלעך סימבאָליש — אַרעס־טירט, צוליב וואָס ער האָט באַקומען די מעגלעכקייט זיך אויסצופיינען — ווי לאַנג דאָס איז נייטיק געווען — ווי אַן „אַנטיפאַשיסט".

ווען די אַנגלאָ־זאַקסן האָבן פאַרנומען מערב־דייטשלאַנד, האָט אַדע־נאַוער ווי אַ פּאָליטיקער און פינאַנסיסט זיך אָריענטירט, אַז עס זאָגען אָנגעקומען „גוטע צייטן": שוין דעם 13־טן יולי דערקלערט ער דעם קאָ־רעספּאָנדענט פון דעם קעלנישן „קוריער": „די אָקופּאַציע פון דייטשלאַנד איז נייטיק אויף אַ לענגערער צייט. די דייטשן זאָגען נישט פעיק צו זעלב־שטענדיקע רעגירונגען... מיר דאַרפן האָבן אַזוי פיל פרייהייט, וויפל אַ פערד אין זיין כאָמוט"...

אין 1945 יאָר ווערט ער ווידעראַמאָל, דאָס מאָל מיטן חסד פון די אַמעריקאַנער, אויבער-בירגערמייסטער אין קעלן, שטעלנדיק זיך גלייב־צייטיק אין שפּיץ פון דער קאַטוילישער עקסטרעמער רעאַקציאָנערער פּאַר־טיי „צ.ד.אַ.", וועלכע ווערט פינאַנסירט דורך דעם דייטשישן און אויס־לענדישן קאַפּיטאַל ווי אויך דורך דעם וואַטיקאַן.

אַדענאַוער האָט געוווּסט, ווי אויסצונוצן זיינע איינפלוסן. ווען ס'איז אויפגעשווּמען די פראַגע פון רעגאַציפּירן דעם גרויסן קעלנישן באַנ־

קיר, איינער פון היטלערס פארטרוילעכע פינאנסיסטן, פערדערמעגנעסן — האט אדענאוער דערקלערט: „מיין פארטיי האלט די פראגע פון פערדערמעגנעסן פאר איר אייגענער פראגע", און מ'האט פערדעמעגנעסן באַפרייט, און ער איז געוואָרן א פארטרויונגס־מאן ביי דאלעסן און מאק־לאָיען, פארשטענדלעך, אז ער האט נישט פארגעסן זיך צו רעוואנזשירן אדענאוערן און זיין רעאקציאָנערער פארטיי: אין דער צייט פון די וואלן האט פערדערמעגנעס געשטעלט צו דער דיספּאָזיציע פון די כאדעקעס צוויי מיליאָן מארק.

א דאנק דער דאזיקער און ענלעכער „הילף" האט די כאדעצ־ע אין 1949 יאָר געוווּנען די וואלן, און ס'איז רעאליזירט געוואָרן אדענאוערס לעבנס־טרוים, ער ווערט „קאנצלער" פון דער מאריאָנעטן־מלוכה אין מערב־דייטשלאנד.

אדענאוערס פרוי — פונדערהיים צינזער — איז א נאָענטע קרובה פון דעם הער דזשאָן שערמאן צינזער, דירעקטאָר פון דער „מאָרגאן־באנק" — איינע פון די גרעסטע פינאנס־אינסטיטוציעס אין די פאראייניקטע שטאטן. און אויך הער מאק־לאָי, באפולמעכטיקטער פון וואל־סטריט און גובערנאטאָר פון טריזאָניע, האט א פרוי פון זעלבן „גוט־הויז": עלען צינזער, א שוועסטערקינד פון אדענאוערס פרוי.

א חוץ דעם איז הער אדענאוער אין צווישן דער מלחמה־צייט געווען א מיטגליד און אפילו פרעזעס פון א ריי רעוויזיאָנס־קאָמיסיעס פון די גרעסטע דייטשישע אקציע־געזעלשאפטן, צווישן אנדערע פון דער „דייטשער באנק", וואס איז איצט דאס אייגנטום פון דער גרעסטער אמעריקאנישער באנק „דילאָן, רעד ענד קאָמפּ". אין דער פארוואלטונג פון דער דאָזיקער באנק זיצן די באקאנטסטע פאָליטיקער פון די פאראייניקטע שטאטן, — די באנק איז דער הויפּט־אקציאָנער פון דעם גרויסן שטאָל־טרעסט „פאראייניקטע שטאָל־ווערקער", וואס אין זיין רעוויזיאָנס־קאָמיסיע זיצט אויך אדענאוער. ווי מיר זעען, דער קרייז שליסט זיך, און אלץ קומט פאר אין דער „פאמיליע".

און דעריבער איז נישט קיין וונדער, וואס דער פּראָיעקט צו פאראייניקן די שטאָל־אינדוסטריע פון פראנקרייך מיט די גרובנס אין דייטשלאנד, שפּעטער פארעפנטלעכט אין א פארברייטערטער פאָרם, ווי דער „שומאן־פּלאן" — איז שטארק רעקלאמירט געוואָרן דורך אדענאוערן. דער קרוב פונעם דירעקטאָר פון „מאָרגאן־באנק" און דער אגענט פון די דייטשישע טרעסטן איז אַן אידעאַלער קאנדידאט און רעאליזאטאָר פון דעם פּלאן, לויט וועלכן עס דאַרפן אין דער מערב־איראָפּעישער שווער־אינדוסטריע שפּילן די ערשטע פידלען די דייטשישע אינדוסטריעלער, און די גרעסטע רווחים דאַרפן באַקומען די אמעריקאנער באנקירן.

די אלטע פארבינדונגען מיטן פראנצויזישן שפיאנאזש זענען פאראדענאוערן איצט געוואָרן אן אויסגעצייכנטע בריק פאר א „דייטש־פראנצויזישער פארשטענדיקונג", פאר וועלכער עס דארף כלומרשט דינען דער „שומאן־פלאן".

אדענאוער איז דורך זיין איידעם ווערהאנען באפריינדעט מיטן קארדינאל פרינקס, וועלכער איז באקאנט מיט זיינע העצערישע ארויסטרעטונגען קעגן ראטנפארבאנד און פוילן. קארדינאל פרינקס איז שטארק פאראינטערעסירט אין די פינאנסיעלע אונטערנעמונגען פונעם וואטיקאן, וועלכער איז אויך פארבונדן מיט דער „מארגאן־באנק" דורך זיין הויף־באנק „דער הייליקער גייסט" ספיריטא סאנטא". נישט לאנג צוריק האט דער וואטיקאן אינוועסטירט עטלעכע הונדערט מיליאן דאלאר אין די סאמע פראָספערירטע אונטערנעמונגען פון דער מארגאן־גרופע.

אדענאוער האט זיך צוגעשארט א טייל רווחים פון די אינוועסטיציעס און גלייכצייטיק באקומען א ברכה פון וואטיקאן, וועלכער גיט וויטגייענדיקע אונטערשטיצונג אלע פאליטישע שריט, וואס עס מאכט דער „פירער" פון דער דייטשער רעאקציע. ס'איז דעריבער נישט קיין וואונדער, וואס די הויכע קירכע־הערארכיע רופט אן די העצע און דעם טעראר, וועלכע ווערן געפירט קעגן פראָגרעס און פארשפרייט דורך אדענאוערן — „קאמף פאר פארטיידיקן דאס קריסטנטום", און אדענאוערן אליין „א מענטש א געשיקטער פון גאט" (נישט אנדערש האט דער וואטיקאן בשעתו אנגערופן מוסאָלינען...).

פונעם סאמע אָנהייב פון זיין נאכמלחמהדיקער קאריערע איז אדענאוער אין דער טריזאָניע געווען דער הילכער פון אנטי־ראטנפארבאנדישער און אנטי־פוילישער אולטרא־שאָוויניסטישער פאָליטיק. אויסדריקנדיק די אינטערעסן פון דעם רעאקציאָנערסטן טייל פון דער דייטשישער בורזשואזיע, וועלכע איז פולשטענדיק פארקויפט דעם אנגלאָ־זאקסישן אָקופאנט — אגיטירט אדענאוער פאר מלחמה, פאר א רעוויזיע פון אונדזערע מערב־גרענעצן.

בעת זיין ערשטער „קאנצלער"־רעדע אין באנער פארלאמענט האט אדענאוער פארגעסן צו רעדן וועגן די פלענער פון אויפבוי פון דייטשלאנד נאָך די מלחמה־פארניכטונגען, וועגן פארבעסערן די שווערע לעבנס־באדינגונגען פון די ארבעטנדיקע מאסן, וועגן די צוויי מיליאָן ארבעטסלאָזע. ער האט אָבער נישט פארגעסן צו דראָען די ארבעטנדיקע מאסן און פארלאנגען, צוריק אומצוקערן די דורך פוילן „פארכאפטע" דייטשישע ערד. די פאָליטיק פון אדענאוערן צילט צו שאפן א טיפן אפגרונט צווישן דער טריזאָניע און דער דייטשער דעמאָקראטישער רעפובליק. אדענאוער האט

פֿיינטלעך מורא פֿאַר דעם גרויסן איינפֿלוס, וואָס עס האָבן די דערגרייכונגען פֿון דער דייטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אויף דער טריזאָניע. דער פּאָליקאַן־פּרעסער האָט די פֿריינדשאַפֿט־פּאָליטיק מיט פּוילן, וואָס ווערט רעאַליזירט דורך דער דייטשער דעמאָקראַטישער רעפּובליק. דער אונטערצינדער אַדענאַוער האָט די פּאָליטיק פֿון שלום, דער רעאַקציאָנער האָט מורא פֿאַר פֿראָנרעס.

אין אַן אינטערוויו פֿאַר דער פֿראַנצויזישער צייטונג „זשורנאַל" האָט אַדענאַוער אין 1918 יאָר געזאָגט: „אויב דער קאָמוניזם וועט אונדז באַהערשן, וועט מען נישט דאַרפֿן אַ סך צייט, ער זאָל אויך אייך, פֿראַנצויזן, באַזיגן, פֿאַרטיידיקנדיק אונדז קעגן אים — פֿאַרטיידיקט איר אייך אַליין". ווי עקלעך איז דער דאָזיקער אַפּעל צו געבעלסעס קול אין די שוואַרצע טעג פֿון דער „נייער אייראָפּע" און צום „קול פֿון אַמעריקע" פֿון די היינטיקע טעג.

אַדענאַוערס טרוים איז געווען אַריינצוציען דייטשלאַנד אין די מלחמה־פּאַקטן פֿון דער אייראָפּעישער רעאַקציע.

און ענדלעך זענען רעאַליזירט געוואָרן זיינע טרוימען: אין מערב־דייטשלאַנד אַנטשטייט ווידער די היטלעריסטישע „ווערמאַכט", עס אַנטשטייט אַ געגרונטעטע אַרמיי אויפֿן אַמעריקאַנער געהאַלט, און די אינדוסטריע אין טריזאָניע איז אַריבער אויף באַוואָפֿענונגס־פּראָדוקציע, אין מערב־דייטשלאַנד הערשט אַ ווילדער טעראָר קעגן קאָמוניסטן, און מאַסנווייז ווערן מלחמה־פֿאַרברעכער באַפֿרייט פֿון די טורמעס. עס רייבן זיך די הענט די היטלעריסטישע גענעראַלן, עס רייבן זיך די הענט די דייטשישע און אַמעריקאַנישע אייגנטימער פֿון די באַוואָפֿענונגס־פֿאַבריקן.

און דער פֿראַנצויזישער שפּיאָן, היטלעריסטישער אונטערצינדער, דער אַגענט פֿון וואַטיקאַן און אַמעריקאַנישע מאַריאָנעטקע, קאָנראַד אַדענאַוער, טרוימט וועגן אַ נייעם „טויזנטיעריקן רייך", פֿאַרגעסנדיק דערביי מיט וואָס עס האָט זיך געענדיקט דער זעלבער טרוים פֿון זיין פֿאָרגייער — דעם מענטשן־פֿרעסער אַדאָלף היטלער.

## אַדענאַוערס באַנקיר

די ציַיטונג „די ווירטשאַפט" שריַיבט וועגן באַנקיר פּערדעמענגעס, אַז ער איז „דער ריַיכסטער מאַן אין דיַיטשלאַנד פון נאָכן קריג" ראָבערט פּערדמענגעס איז דער פּרעזידענט פון פאַרבאַנד פון די פּריוואַטע בענק, פּרעזידענט פון „ספּעציעלן קאָמיטעט פאַר האַנדל מיט אַמעריקע", אַ וויכטיקע פּערזענלעכקייט פון דער קאָמיסיע פאַרן שומאַן־פּלאַן. אויסער דעם שפּילט פּערדעמענגעס אַ גרויסע פּאָליטישע ראָל אין דער באָנער מדינה. ער איז אַ מיטגליד אין בונדעסטאַג ווי דער פאַרשטייער פון דער דעמאָקראַטיש־קריסטלעכער פּאַרטיי און אַן אינטימער פריַינד פון קאַנצלער אַדענאַוער. ווען מ'האָט געפאָדערט, אַז פּערדעמענגעס זאָל ווערן געשטעלט פאַרן געריכט ווי דער פינאַנסיסט פון היטלערן, וויַיל זיַין נאָמען פיגורירט אויף דער ליסטע פון די 24 דיַיטשע גרויסע קריגס־פאַרברעכער, האָט קאָנראַד אַדענאַוער זיך אָפן סאָלידאַריזירט מיט אים.

נאָכדעם האָט מען אין מערב־דיַיטשן באַזיץ פון מאַק־קלאָי אויפגעפירט אַ טשעקאָווע פּאָליטישע קאָמעדיע, וואָס אירע הויפּט־ראָלן האָבן געשפּילט פּערדמענגעס און אַדענאַוער... מיט גרויס פּאָמפּע האָט קאָנראַד אַדענאַוער געפיַיערט זיַין געבורטסטאָג. באַגריסנדיק אים, האָט ראָבערט פּערדעמענגעס אים צוגעטראָגן אַ מיליאָן מאַרק „פאַר זיַין סאָציאַלער און זשורנאַליסטישער טעטיקייט".

דער דאָזיקער רירנדיקער כאַבאַר האָט געדאַרפט סימבאָליזירן אַדענאַוערס פּאָפּולאַריטעט אין די קרייזן פון דער מערב-דיַיטשער פינאַנס־וועלט. די דאָזיקע סצענע האָט אויך דערמאָנט די נאָענטסטע פאַרגאַנגענהייט פון באַנקיר פּערדמענגעס. מיט 10 יאָר צוריק האָט דער זעלבער פּערדעמענגעס געגעבן אַ מתנה אַ מיליאָן מאַרק הימלערן, דעם שעף פון דער געסטאַפּאָ, דעם אויפזעער איבער היטלערס טויט־לאַגערן, דעם תליון פון זעקס מיליאָן יידן, אין נאָמען פון אַ „קרייז פריַינד", דאָס הייסט, אין נאָמען פון די גרעסטע דיַיטשע באַנקירן, וואָס האָבן קאָנטראָלירט די מערקסטע וואָפן־אונטערנעמונגען פון מערב־דיַיטשלאַנד און וואָס זענען ביַים היַינטיקן טאָג אַריבער אין דינסט צו די אַמעריקאַנער אימפּעריאַליסטן.

אין די צייטן פון היטלערס דיקטאטור איז פערדעמענגעס שטענדיק געווען ענג געבונדן מיט די פאשיסטישע פירער פון דייטשלאנד. אין יאר 1933 האט ער פארכאפט די אפענהיימער־באנק און איז אזוי ארום געווארן איינער פון די גרעסטע מאנאפאל־אייגנטימער פון דעם רהיין און רור־געביט.

הגם די גרויסע דייטשע באנקירן האבן געמאכט גלענצנדיקע געשעפטן אין דער צייט פון קריג, האט זיך די קאריערע פון פערדעמענגעס פאנאנדערגעבליט ערשט נאכן קריג. פערדעמענגעס איז קיינמאל נישט געווען קיין „ריין דייטשער" באנקיר.

במשך פון צענדליקער יארן האבן די פירמעס און די בענק, אין וועלכע ער האט פארנומען פירנדיקע פאסטנס, אונטערגעהאלטן אן ענגן קאנטאקט מיט זייערע פאך־קאלעגן אין די פאראייניקטע שטאטן, ענגלאנד, פראנקרייך, בעלגיע און האלאנד. פערדעמענגעס איז געווען א מין פארמיטלער צווישן די גרויסע פינאנס־קרייזן פון פארשידענע לענדער און קאנטינענטן.

במשך פון לאנגע יארן איז פערדעמענגעס געשטאנען בראש פון דער לאנדאנער אפטיילונג פון דער גרויסער דייטשער באנק „דיסקאנט־באנק". דורך דער פארמיטלונג פון דער הויזיקער באנק זענען פארגעקומען די טראנזאקציעס פון די אמעריקאנער הלוואות פאר די דייטשע אינדוסטריעלער. פערדעמענגעס האט אין לאנדאן איינגעשטעלט ענגע פארבינדונגען מיט די אמעריקאנישע און ענגלישע באנקירן.

נאכן קריג זענען די „אינטערנאציאנאלע באציונגען" פון באנקיר פערדעמענגעס צונוץ געקומען די אמעריקאנישע, ענגלישע און פראנצויזישע מאנאפאליסטן. דורך זיין פארמיטלונג האבן די פינאנסיסטישע קארפן־קעס פון די דאזיקע לענדער אונטערגענומען די „דעראבערונג" פון דער מערב־דייטשער אינדוסטריע.

אין יאר 1948 האט זיך די עפנטלעכע מיינונג דערוווסט, אז פערדעמענגעס האט געהאט זייער פארטרויליכע אונטערהאנדלונגען מיט די דעוועדעלס, די מאגנאטן פון פראנצויזישן שטאל. בשעת די דאזיקע אונטערהאנדלונגען האט זיך געהאנדלט אין פארזיכערן די פראנצויזישע שטאל־פאבריקאנטן א חלק פון 50 פראצענט אין דער מעטאלורגישער אינדוסטריע פון רור-געביט.

די אמעריקאנישע אימפעריאליסטן האבן אבער שנעל באקומען די אויבערהאנט אין דעם קאמף, וואס די אמעריקאנישע, ענגלישע און פראנצויזישע מאנאפאליסטן האבן געפירט פארן ווירטשאפטלעכן באזיץ פון רור-געביט. ווען דער רור־געביט איז אריבער אין די הענט פון די אמע־

ריקאַנישע מאַגנאַטן, האָט פּערדעמענגעס ווידער געשפּילט די הויפּטראָל פון פאַרמיטלער.

אין נאָוועמבער 1949 האָבן זיך געטראָפן 12 גרויסע דײַטשע אינדוסטריעלער און באַנקירן מיט זיבן אַמעריקאַנישע קאָלעגן אין פּערדעמענגעס ווילע לעבן קעלן. בשעת דער דאָזיקער באַגעגעניש איז דורכגעפירט געוואָרן אַ טראַנזאַקציע וועגן אַנטייל פון אַמעריקאַנישן קאַפּיטאַל אין דער אינדוסטריע פון רור־געביט. די דאָזיקע אינדוסטריע איז אַזוי אַרום אַריבער אין די הענט פון די אַמעריקאַנער, אונטערן באַדינג, וואָס איז פאָרמולירט געוואָרן דורך פּערדעמענגעסן גופא, אַז די אַמעריקאַנער וועלן דערלויבן די אייגנטימער פון די קאָנסאָרציומס פון ריילאַנד און רור־געביט צו פאַרבלייבן ביי זייערע חלקים אין די אונטערנעמונגען.

ווי אַן אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר זיין פאַרמיטלונג האָבן די אַמעריקאַניש־באָנער מאַכט־אָרגאַנען רעזערווירט פאַר פּערדעמענגעסן אַ ריי פון וויכטיקע און גוט־באַצאָלטע פּאָסטנס. „געוויסע קרייזן האַלטן, — האָט געשריבן די צייטונג „נויעס דויטשלאַנד" — אַז פּערדעמענגעס איז געוואָרן פּרעזידענט פון „ספּעציעלן קאָמיטעט פאַר האַנדל מיט אַמעריקע", ווייל די אַמעריקאַנישע קרייזן האָבן אַ סך אינטערעס און סימפּאַטיע פאַר זיין אַנטייל אין טראַנספער פון דער רהיין־וועסטפאַלישער שווער אינדוסטריע אין די הענט פון די אַמעריקאַנער מאַגנאַטן".

גראָד לעצטנס האָט אַ שווייצאַרישע בורזשואַזע צייטונג, „די טאַט", אָנערקענט, אַז דאָבערט פּערדעמענגעס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער אַמעריקאַניש-דייטשישער אימפּעריאַליסטישער אַליאַנס, וואָס באַדראָט איצט די זאַך פון שלום אין אייראָפּע און במילא די לעבנגעבליבענע יידן. „אויב דער אויסלענדישער קאַפּיטאַל — האָט געשריבן „די טאַט" — נעמט באמת אַקטיוו אָנטייל אין דער דייטשער אינדוסטריע, דאַרף מען אין דעם אייניקן דעם פאַרדינסט אָדער די שולד פון פּערדעמענגעס".

פּערדעמענגעס האָט געהאַט פאַר די אַמעריקאַנער מאָנאָפּאָליסטן גרויסע פאַרדינסטן. ער האָט זיי געהאָלפן פאַרכאַפּן די שווער־אינדוסטריע פון מערב-דייטשלאַנד. ער גרייט זיך ביים היינטיקן טאָג צו ווערן אייזענהאַוערס גרעסטער וואָפן־פאַבריקאַנט אין מערב־דייטשלאַנד.

דאָס זענען די וויכטיקסטע עטאַפּן פון דער „גרויסער קאַריערע פון פּערדעמענגעס, דעם אינטימען און לאַנגיאָריקן פריינד פון ד"ר קאָנראַד אַדענאַוער, מיט וועלכע די ישראל־רעגירונג און די יידישע רעאַקציע פירן אונטערהאַנדלונגען.

ב. מיכײלאָוו

## די אימפּעריאַליסטישע קרעאַטור — קורט שומאַכער

סוף פון יאָר 1928 האָט זיך אין קאַבינעט פון רודאָלף מאַנטפּאָרד, דירעקטאָר פון דער טאַבאַק־פירמע „האַלפּאַאוס" אין קעלן, געמאָלדן אַ הויכער, דאַרער מאַנספּאַרשוין און זיך פאָרגעשטעלט ווי דער סעקרעטאַר פון דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין פון די טראַנספּאָרט־אַרבעטער אין דער רהײנישער פּראָווינץ. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט דערקלערט, אַז ער האָט פאַרבינדונגען מיט דער לײטונג פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטײ און אַז ער „קאָן צונוץ קומען". די פירמע „האַלפּאַאוס" האָט דאַן געקעמפט פאַר אױפהאַלטן די הויכע פרײזן אויף פּאַפּיראָסן, און דערפאַר האָט זי זיך אַנטקעגנגעשטעלט די רעוויזיע פון טאַבאַק-שטײערן.

דער סעקרעטאַר פון פּראָפעסיאָנעלן פאַרײן פון טראַנספּאָרט-אַרבעטער האָט דערקלערט, אַז ער וועט אויסנוצן זײנע אײנפלוסן בײ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פראַקציע אין דײטשישן פּאַרלאַמענט, בכדי נישט צו דערלאָזן ענדערן דעם שטײער, און די שטײערן־רעוויזיע איז פּאַקטיש נישט דורכגעגאַנגען. דער פאַרטרויונגס־מאַן פונעם דײטשישן פּאַבריקאַנט האָט זיך מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער געמאָלדן צום דירעקטאָר מאַנטפּאָרד און באַקומען פון אים 1500 מאַרק. פון דעם מאָמענט אָן איז שומאַכער געוואָרן אַ פאַרקויפטער אַגענט פון די דײטשישע אינדוסטריעלער. פון דעם זעלבן מאַנטפּאָרד האָט שומאַכער באַקומען אין יאָר 1929 — 15.000 מאַרק, און אין קומענדיקן יאָר — נאָכאַמאָל אַזויפיל.

די באַלױנטע ליבע צו די פאַבריקאַנטן און שנאה צו דער אַרבעטער־באַוועגונג — די צוויי אײגנשאַפטן פון דעם אויסגעצײכנטן „טוער", וואָס כאַראַקטעריזירן דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישן טיפּ — זײנען צונוץ געקומען דעם דאָקטאָר שומאַכער אין דער צײט פון היטלערס קומען צו דער מאַכט.

„די פּאָליצײ איז תמיד דער זיכערסטער פאַרבינדעטער", פלעגט שומאַכער זאָגן, און בשותפות מיט דער פּאָליצײ האָט ער אַרײנגעוואָרפן אין טורמע פיל פּראָפעסיאָנעלע און קאָמוניסטישע טוערס.

אין דער צייט, ווען צענדליקער טויזנטער קאָמוניסטן זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן, איז שומאַכערן גאָרנישט אַזוי שלעכט געגאַנגען. ווען אַנדערע „פירער" פון ס. פּ. ד., ווי שמידט אָדער רייטער, האָבן צוזאַמענגעאַרבעט מיט די היטלעריסטן, זייענדיק אויף דער פריי — האָט שומאַכער אין לאַגער, ווי אַ שפּיצעל פון דער עס-עס־אַדמיניסטראַציע, דענונצירט קאָמוניסטן.

ס'האָט זיך פאַרענדיקט די מלחמה, עס זענען געקומען נייע „באַלעבאַטים", שומאַכער האָט זיך אָבער נישט געביטן. געביטן האָט זיך נאָר דאָס געלט. אַנשטאָט מאַרקן האָבן אָנגעהויבן דיסקרעט שאַרכן אין די קאָפּערטן דאָלאַרן און פונטן. שוין אין פעברואַר יאָר 1946 האָט די אַמעריקאַנישע צייטונג „טשיקאַגאָ סאַן" געשריבן: „די לעצטנס אַנטוויקלטע קאָנסערוואַטיווע און אַנטיקאָמוניסטישע טעטיקייט פון די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פירער אין דער בריטישער סטרעפע איז בפירוש דער אידעאַל, צו וועלכן עס שטרעבן די פאַראייניקטע שטאַטן".

דער „אידעאַלער" פאַרטעטער האָט נישט געמיסברויכט מיט דעם צוטרוי פון זיינע בריטישע פּראָטעקטאָרן און — הגם ער איז אַריבער אויפן געהאַלט פון „אינטעליגענס־סערוויס" — האָבן עס אים די אַמעריקאַנער נישט גענומען פאַר אומגוט. די אַמעריקאַנישע צייטונג אין דער דייטשישער שפּראַך „דויטשע צייטונג", באַהאַנדלענדיק שומאַכערס טעטיקייט, האָט אין יאָר 1948 געשריבן: „עס קומט אים אָנערקענונג פאַר דעם, וואָס ער האָט נישט דערלאָזט צו דער פאַראייניקונג פון ס. פּ. ד. (סאָציאַל־דעמאָקראַטן) מיט דער ק. פּ. ד. (קאָמוניסטישער פּאַרטיי)". די צעברעכערישע אַרבעט איז שומאַכערן געלונגען נאָר אין די מערב־זאָנעס. אין דער ראַטנפאַרבאַנדישער סטרעפע, וווּ די אַדמיניסטראַציע האָט אונטערגעשטיצט די אַנטוויקלונג פון די דעמאָקראַטישע כוחות, איז מיט דער פאַראייניקונג פוןביידע פּאַרטייען אַנטשטאַנען דער ס. ע. ד. — די סאָציאַליסטישע אייניקייטס־פּאַרטיי.

די אַרבעטער־אייניקייט איז פאַר שומאַכערן שטענדיק געווען דער געגנשטאַנד פון ספּעציעלער שנאה. די מעכטיקע אַנטוויקלונג פון דעם קאַמף פאַר שלום אינעם דעמאָקראַטישן דייטשלאַנד, געשטיצט טאַקע אויף דער דאָזיקער אייניקייט, איז זאַלץ אין די אויגן פון די רעכטע סאָציאַליסטישע פירער. שפּיאָנאַזש, דיווערסיע, סאַבאָטאַזש, מאָרדן — דאָס איז דער אַרסענאַל פון די מיטלען, וואָס מיט זייער הילף וויל שומאַכער אונטערגראָבן די שלום־טעטיקייט פון דעם דעמאָקראַטישן דייטשלאַנד.

לויט זיין איניציאַטיוו איז אַנטשטאַנען אין מערב־דייטשלאַנד און אין מערב־בערלין דער אַזוי גערופענער „אָסטבורעאו”, וואָס פאַרנעמט זיך דורכויס און ספּעציעל מיט שפּיאָנאַזש און דיווערסיע אויפן געביט פונעם דעמאָקראַטישן דייטשלאַנד. אין זיין בוך „קוריער, שפּיצעל, שפּיאָנען” שרייבט האַנס קוענע, דער געוועזענער הויפּט־קוריער און שעף פון דער בערלינער פיליע פון שפּיאָנאַזש־ביוראָ, אַז שומאַכער האָט שוין אין יאָר 1948 באַהאַנדלט מיט די אַנטשפּרעכנדיקע אָפיצערן פונעם בריטישן און אַמעריקאַנישן שפּיאָנאַזש די פראַגע פון שאַפן אַזאַ ביוראָ.

די שפּיאָנאַזש־נעץ האָט באַדאַרפט האָבן דערפאַרענע שפּיאָנען, און ווער האָט זיך געקאָנט בעסער אויסטויגן פאַר אַ מיטאַרבעטער פון „אָסטבורעאו”, ווי די אַגענטן פון היטלעריסטישן געסטאַפּאָ, די אָנפירער פון די באַזונדערע אָפּטיילונגען פון שפּיאָנאַזש־נעץ, וואָס האָבן זיך דערוואָרבן זייערע שפּאָרן פאַר היטלערס צייט. אָטאָ הייקע איז געווען דער שעף פון דעם היטלעריסטישן אַרכיוו אין לאָדזש בעת דער אָקופּאַציע, העלמונד פּעטשקע האָט געקעמפט אין דער היטלער־אַרמיי אויפן מזרח־פראָנט, קרידערמאַן, אַ מיטגליד פון דער ס. פ. ד.־לייטונג, איז געווען אַ געסטאַפּאָ־אַגענט, וואַלטער שפּענגערמאַן האָט פון יאָר 1937 אָן געאַרבעט ווי אַ היטלערישער פּראָוואָקאַטאָר, און שומאַכערס פּאַרטײַעמער פריץ הײַנע האָט געהאַט גרויסע פאַרדינסטן נישט נאָר פאַר דעם היטלעריסטישן שפּיאָנאַזש, נאָר אויך פאַר דער „אינטעלידזשענס־סערוויס”.

שומאַכער פילט זיך צוזאַמען אין דער געזעלשאַפט פון די היטלער־מערדער, שפּיאָנען און פּראָוואָקאַטאָרן. זיינע אַרויסטרעטונגען און רעדעס שטייען נישט אָפּ פונעם היטלעריסטישן שניט. ער איז פאַרבלענדט פון האַס צום גאַנצן דעמאָקראַטישן לאַגער. און זיין שנאה נעמט אָן אַ קרענקלעכן כאַראַקטער, ווען עס גייט וועגן פּוילן.

אין איינער פון זיינע רעדעס, וואָס ער האָט געהאַלטן נאָכן אונטערשרייבן דורך פּוילן און דעם דעמאָקראַטישן דייטשלאַנד דעם היסטאָרישן אָפּמאַך וועגן די גרענעצן אויף דער אָדרע און ניסע, האָט שומאַכער היסטעריש געשריגן: „דאָס דייטשישע פאָלק וועט קיינמאָל נישט אָנערקענען דעם אָפּמאַך. דאָס דייטשישע פאָלק האָט רעכט אויף רעוואַנזש”, און שומאַכערס צייטונג „טעלעגראַף” האָט צוגעגעבן: „טויזנטער רעפּאַטריאַנטן פון מזרח פאָדערן נקמה”.

שומאַכער, דער באַזינגער פון רעוואַנזש און נעאָהיטלעריסטישן רעוויזיאָניזם, רופט אָפן צו צעפלאַקערן אַ נייע מלחמה — אַ מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד און פּוילן, אַ מלחמה קעגן זיין אייגענעם פאָלק.

אין אן אינטערוויו פאר דעם „טאגעס שפיגעל" האט ער דערקלערט: „איך בין איבערצייגט, אז נאר אליאנטישע טאנקן קאנען שטערן די אומ־רוען, בעת דעם צוזאמענפלי פון דער יוגנט אין בערלין". נישט קיין אנ־דערער ווי ער צוזאמען מיט זיין געהילף פריטש פרעלער, א „ספעציא־ליסט" צו דערשטיקן דעמאקראטישע באוועגונגען — האבן אויסגעארבעט א געזעץ־פראיעקט פאר „דעלעגאליזירן די קאמוניסטישע פארטיי". דאס פארלאנגט ער, ענדלעך, פולע באוואפענונג פון מערב־דייטשלאנד.

ווען מריזאניע איז צוגעטרעטן צום אזוי גערופענעם „איראפעישן ראט", האט שומאכער ביי דער געלעגנהייט, דעם 11 מאי 1950, דער־קלערט: „דאס אריינטרעטן אין איראפעישן ראט איז ענג פארבונדן מיט דער דייטשישער פאזיציע אין אטלאנטישן סיסטעם און אין ענדגילטיק: סך־הכל — מיט דער רעמיליטאריזאציע. אויב דאקטאר אדענאוער האט געזאגט, אז דאס אריינטרעטן אין „איראפעישן ראט" באטייט נישט קיין רעמילי־טאריזאציע — איז דאס א פראזע אן א דעקונג".

דעם 24 אויגוסט איז שומאכער אין זיין רעדע געגאנגען נאך וויי־טער.

ד"ר שומאכער — שרייבט דער „מאנד" — האט געפאדערט פון די אליאנטן פולע רעמיליטאריזאציע. דעם 22 אויגוסט האט דער סאציאל־דעמאקראטישער הויפט-מלחמה־אונטערצינדער פעסטגעשטעלט: „מיר זע־נען גרייט צו טראגן געווער, אויב די אליאנטן וועלן נעמען אויף זיך די זעלבע ריזיקע".

מיט פולשטענדיקן ציניזם פראפאגירט שומאכער די אידעע פון טא־טאלער פארניכטונג. דעם 20 יולי יאר 1949 האט דער ליבלינג פון די אנגלא־אמעריקאנישע מלחמה־אונטערצינדער גערופן: „די שאנסן פון דער דעמאקראטיע באשטייען אין דעם, וואס דאס טעכנישע כלי־זין פון פאר־ניכטונג געפינט זיך אין אונדזערע הענט".

„אין דער קומענדיקער מלחמה — האט ער אין צוזאמענהאנג מיטן ארויסגעבן דעם אקופאציע־סטאטוט פון מריזאניע געשריבן: — דארף די סטראטעגישע ליניע אדורכלויפן די ווייסל".

די אידעע פון אן אגרעסיווער מלחמה דאס איז שומאכערס ליבסטער געדאנק. „דייטשלאנד — האט ער געזאגט — דארף זיין גרייט צו פאר־איניקונג. דער מערב דארף פארגרעסערן זיין אקטיוויטעט לגבי מזרח־דייטשלאנד".

אויב עס גייט אין מלחמה־צוגרייטונגען, האָט שומאַכער נישט ליב קיין נישט דערזאָגטע זאַכן. רעדנדיק דעם 24 אויגוסט 1950 יאָר אין דער טריזאָניע, האָט דער הויפּט־מלחמה־אונטערצינדער געזאָגט: אינעם יסוד פון דער רעמיליטאַריזאַציע מוז ליגן — ווי א באַדינג — די באַפרייאונג פון די מזרח-געביטן". קיין שום קאָמענטאַרן זענען צו דעם נישט נייטיק.

אזוי זעט אויס דער פּאָרטרעט פון ד"ר קורט שומאַכער, דער ערש־טער פאָרזיצער פון ס. פּ. ד. און דער ערשטער מלחמה־אונטערצינדער פון מערב־דייטשלאַנד — די קרעאַטור פונעם אַנגלאָ־אַמעריקאַנישן אימ־פּעריאַליזם.

ג. טאַלענסקי

## גודעריאַן אין דער ראָל פון אַ משרת פון דער אַמעריקאַנישער מיליטערישער קליקע

גאָר נישט לאַנג צוריק האָט דער מלוכהשער סעקרעטאַר פון די פאַראייניקטע שטאַטן, אַטשעסאָן, אין איינער פון זיינע אַרויסטרעטונגען אַרויסגערוקט דעם לאָזונג פון „טאָטאַלער דיפּלאָמאַטיע". די „טאָטאַלע דיפּלאָמאַטיע" דאַרף, לויט דער אָפּשאַצונג פון אַטשעסאָנען גופא, שטעלן אויף דער מיליטערישער קראַפט, ווי אויפן דעציִדירנדיקן פאַקטאָר אין דער צוגרייטונג פונעם „קאַמף נישט אויף לעבן, נאָר אויף טויט".

אויף אַזאַ אופן דאַרף אַטשעסאָנס „טאָטאַלע דיפּלאָמאַטיע", ווי ער האָט דאָס אַליין מודה געווען, גרייטן אַ „טאָטאַלן קריג". ווי מיר זעען, באַנוצן זיך די אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן גערן מיט דער טערמינאָלאָגיע פון די היטלעריסטן. די לעצטע, ווי ספּעציאַליסטן פון „טאָטאַלן קריג", ווערן ברייט אויסגענוצט דורך די אימפּעריאַליסטישע קרייזן פון פש"א (פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע) אין דער ראָל פון „קאָנסולטאַנטן" ביים צוגרייטן די אַמעריקאַנישע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע צו אַגרעסיע.

אין דעם אַמעריקאַנישן זשורנאַל „יונייטעד סטייטס ענד וואָרלד ריפּאָרט" איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַן אַרטיקל „פ. ש. א. פּראַקטיצירט די אידעען פון דייטשישן גענעראַל־שטאַב". אין דעם דאָזיקן אַרטיקל ווערט אָנגעוויזן, אַז „די אַמעריקאַנער מיליטער־לייט שענקען גרויס אויפמערקזאַמקייט דער אידעע פון אַ גענעראַל־שטאַב, וועלכער וועט אָנפירן מיט דער קומענדיקער מלחמה".

צוליב דעם צוועק איז דורכן געוועזענעם גענעראַל־פּאָלקאָווניק פון פאַשיסטישן דייטשלאַנד, גודעריאַן, אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ פּראָיעקט פון דער סטרוקטור פונעם מיליטערישן אַפּאַראַט פון פ. ש. אַ. אַלס יסוד פון דאָזיקן פּראָיעקט דינט, ווי ס'ווייזט אָן דער זשורנאַל, דאָס סיסטעם, מיט וועלכן די דייטשן האָבן זיך באַנוצט בעת דער מלחמה און וואָס באַשטייט אין איבערגעבן די אָנפירונג מיט אַלע קריגס־מאַסמיטלען פון לאַנד „אַן אַלמעכטיקער מיליטערישער אויבערקאָמאַנדשאַפט".

דער נאָמען פֿונעם מחבר פֿון פּראָיעקט צו רעאָרגאַניזירן דעם מיליטערישן אַפּאַראַט פֿון פ. ש. א. — דער גענעראַל גודעריאַן, איז נישט איינמאָל דערמאָנט געוואָרן אין דער וועלט־פּרעסע אין שייכות מיט די כּאָס־מיטלען, וועלכע די ענגליש־אַמעריקאַנישע אימפּעריאַליסטן פֿירן דורך אויפֿן געביט פֿון צוגרייטן אַ מלחמה־אַגרעסיע. אונטער די פֿליגעלעך פֿון אָנפֿירונג פֿון דער ענגליש-אַמעריקאַנישער אָקופּאַציע־מאַכט האָט זיך דער דאָזיקער פֿאַשיסטישער גענעראַל פֿאַרנומען מיט „פֿאַראַלגעמיינערן די דער־פֿאַרונג פֿון דער מלחמה אויפֿן מזרח־פֿראָנט". ד. ה. קעגן ראַטנפֿאַרבאַנד. איצטער טרעט דער דאָזיקער גענעראַל אַרויס אין דער ראָל פֿון אַ בעלפֿער פֿון די אָנפֿירנדיקע מיליטערישע קרייזן פֿון פ. ש. א. און מחבר פֿונעם פּראָיעקט פֿון איבערבויען דעם מיליטערישן אַפּאַראַט פֿון פ. ש. א. מיטן צוועק צוצוגרייטן אים צו דער אַגרעסיווער מלחמה.

וואָס שטעלט מיט זיך פֿאָר דער דאָזיקער פֿאַשיסטישער „מיליטערישער אינסטרוקטאָר" פֿון פ. ש. א.? אַ טיפּישער פֿאָרשטייער פֿון דער דייטשישער מיליטערישער קליקע, האָט גודעריאַן נישט באַוויזן צו מאַכן קיין קאַריערע נישט אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, כאָטש ער איז שוין געווען אַן אָפֿיצער מיט אַ זעקסיאָריקן סטאַזש, נישט אין נאָכמלחמהדיקן פּעריאָד — ביזן איבערנעמען די מאַכט דורך די היטלעריסטן.

גודעריאַנס גורל האָט זיך אָבער שאַרף געענדערט מיטן קומען פֿון די היטלעריסטן צו דער מאַכט. גודעריאַן איז מגולגל געוואָרן אין אַ גענעראַל־לייטענאַנט און געוואָרן אַ מין „פֿירער" פֿונעם טאַנקן־מיליטער פֿון פֿאַשיסטישן דייטשלאַנד.

צוליב גודעריאַנס דערפֿאָלגרייכע אָפּעראַציעס אויפֿן מערב, איז אים, בעתן אָנפֿאַל אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד אין 1941 יאָר, איבערגעגעבן געוואָרן איינע פֿון די פֿאַראַנטוואָרטלעכסטע פּאָסטנס — ער איז געווען קאָמאַנדיר פֿון דער 2־טער טאַנקען־אַרמיי אין באַשטאַנד פֿון דער צענטראַלער גרופּע מיליטער פֿון דער דייטש־פֿאַשיסטישער אַרמיי, וועלכע האָט געפֿירט דעם אָנגריף אויף סמאָלענסק און מאָסקווע. ס'איז באַקאַנט, אַז אין צוזאַמענשטויס מיט דער סאָוועטישער אַרמיי איז די 2-טע טאַנקען־אַרמיי פֿולשטענדיק צעריבן געוואָרן אונטער די קלעפּ פֿונעם סאָוועטישן מיליטער אין ראַיאָן פֿון טולע, אין דער צייט פֿון דער שלאַכט הינטער מאָסקווע.

גודעריאַנס הויכע מיליטערישע קאַריערע האָט געפּלאַצט. אין משך פֿון אַ יאָר האָט מען גודעריאַנען געהאַלטן אין רשות פֿון דער אויבער־קאָמאַנדשאַפֿט פֿונעם יבשה־מיליטער צוזאַמען מיט די אַנדערע שלימזל־דיקע היטלעריסטישע גענעראַלן, און שפּעטער אים איבערגעגעבן צו פֿאַר־נעמען זיך מיט די ענינים פֿון פֿאָרמירן און דערגענצן דאָס טאַנקען־מי־

ליטער. פונדעסטוועגן איז ער אינגיכן צונויפגעקומען צו אן אנדערן צוועק — דעם 21־טן יולי 1944 יאָר, ד. ה. אויפן צווייטן טאָג נאָכן אטענטאט אויף היטלערן, איז גודעריאַן באַשטימט געוואָרן אַלס שעף פון גענעראַל־שטאַב פונעם יבשה־מיליטער.

וואָס איז געווען די סיבה פון דער דאָזיקער באַשטימונג?

אין דער פּערזאָן פון גודעריאַנען האָט היטלער געזען אַ דורכויס איבער געגעבענעם פאַשיסטישן גענעראַל, אויף וועלכן ער קאָן זיך פולשטענדיק פאַרלאָזן. אין דער דאָזיקער הינזיכט האָט טאַקע גודעריאַן באַרעכטיקט די אָפּשאַצונג פון „זיין פירער". ביי דער געלעגנהייט דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז גודעריאַן איז געווען צווישן די ערשטע פאַשיסטישע גענעראַלן, וועלכע האָבן פאַרעפנטלעכט ערב דעם אָנפאַל אויפן ראַטנפאַרבאַנד די פאַרשריפטן פאַר דעם אונטערגעאָרדנטן מיליטער, ווו ער האָט געשריבן: „די הומאַניטאַרישקייט לגבי קאָמוניסטן און רויטאַרמייער איז נישט קיין ריכטיקע, זיי דאַרף מען אומבאַרחמנותדיק צעשיסן".

אָט אַזוי איז די פיזאָנאָמיע פונעם פאַשיסטישן בעל־יועץ פון די אָנפירנדיקע מיליטערישע קרייזן פון פ. ש. א.

ס'איז פולשטענדיק קלאָר, אַז גודעריאַן האָט אַלס מוסטער פאַר דער רעאָרגאַניזאַציע פונעם מיליטערישן אַפּאַראַט פון פ. ש. א. נישט געקאָנט פאָרלייגן עפּעס אַנדערש, ווי די אַביסל מאָדערניזירטע סכעמע פונעם מיליטערישן אַפּאַראַט פון פאַשיסטישן דייטשלאַנד. אמת, ווי עס ווייזט אָן דער זשורנאַל „שטעלט זיך זיין פאָרגעלייגטער פּראָיעקט פאַר אַ ציל צו באַזייטיקן די שוואַכע זייטן אין דער שטאַב־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָבן דערפירט צו דער מפּלה פון די דייטשן אין די צוויי וועלט־מלחמות", אָבער דערביי איז דער מהות פון דער סטרוקטור פון פאַשיסטישן מיליטערישן אַפּאַראַט, וועלכער האָט געליטן אַ פולשטענדיקע מפּלה אין דער פאַרגאַנגענער מלחמה, נישט באַזונדערס געענדערט.

וואָס־זשע, אויב אַזוי, ציט צו אין דעם דאָזיקן פּראָיעקט די אויפמערקזאַמקייט פון די אַמעריקאַנער אַגרעסאָרן? ס'איז אָן צווייפל, אַז נישט פון ווילטאָג נייען זיי זיך לערנען ביי די געשלאָגענע היטלערישע גענעראַלן. זיי ווייסן, אַז זייער אייגענע, די אַמעריקאַנישע, קריגס־דערפאַרונג האָט נישט קיין גרויסן ווערט.

אָבער נישט בלויז דערמיט דערקלערט זיך דאָס זוכן אַ מוסטער פאַר דער סטרוקטור פון מיליטערישן אַפּאַראַט אינעם געוועזענעם פאַשיסטישן דייטשלאַנד. ס'בלייבט דאָך אַ פאַקט, אַז דער דייטשישער גענעראַל־שטאַב האָט די גאַנצע צייט פון זיין עקזיסטענץ פאַרשפּילט כמעט אַלע מלחמות, וועלכע ער האָט געפירט — ספּעציעל די צוויי לעצטע וועלט־מלחמות. באַ־

זונדערס קאטאסטראפאל איז געווען די מפלה אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת וועלכער דער ראטנפארבאנד האט דערלאנגט א צעשמעטערנדיקן קלאפ דעם דייטש־פאשיסטישן מיליטערישן סיסטעם.

אין דער טעטיקייט פונעם דייטשישן גענעראל־שטאב אין די לעצטע צוויי וועלט־מלחמות ציט צו די אויפמערקזאמקייט פון די אמעריקאנישע אימפעריאליסטן איין שטריך — דאס שאפן א ברוטאל סיסטעם פון צוואנג אין לאנד און אין דער ארמיי. אט־די דערפארונג נעמלעך ציט צו די אמעריקאנער אגרעסארן, וועלכע ווילן זי ברייט אויסנוצן ביים צוגרייטן און פירן א נייע מלחמה. און דער גאנצער תוך פונעם פארגעלייגטן פראיעקט איז געצילט אויף צוצוגרייטן א פאשיסטישע מיליטערישע דיקטאטור אין פ. ש. א., שאפן א מיליטערישן אפאראט פון פאשיסטישן טיפ, וואס זאל זיין פעיק אריינצוקוועטשן אין דער פרעס פון דער מיליטערישער דיקטאטור דאס גאנצע לאנד, דערשטיקן יעדן פרווו פון פראטעסט קעגן דער מלחמה.

„אין יסוד פון גודעריאנס פלאן איז פארגעזען די צענטראליזירונג פון דער מאכט אין די הענט פון די מיליטערישע קאדרען. צווישן די מיליטער־לייט און דעם פרעזידענט, וועלכער פירט אויס די ראל פון אויבערקאמאנדיר, דארפן נישט זיין קיין שום צווישנדיקע ציווילע מאכט־ארגאנען. די אויבערקאמאנדשאפט וועט אנפירן מיט אלע מינים אקציעס, וואס זענען פארבונדן מיט די באוואפנטע כוחות. די פאליטיק פון קעגנזייטיקע קאמפראמיסן פון דער פאראייניקטער גרופע שעפן פון שטאב וועט אויך פארביטן ווערן מיט איין קאמאנדירונגס־סיסטעם. די ארמיי, דער קריגס־פלאט און די מיליטערישע לופט־כוחות וועלן דארפן אין אויגנבליק אויספירן דעם באפעל פון אויבן". — אזוי ווערט כאראקטעריזירט דער תוך פון פראיעקט אינעם דערמאנט ארטיקל.

פראקטיש רעזומירט זיך אלץ צום פאלגנדיקן: לויט גודעריאנס פלאן „בלייבט דער פרעזידענט הויפט־אנפירער פון אלע באוואפנטע כוחות. ער וועט האבן דאס דעצידירנדיקע וואָרט אין פראגן פון אלגעמיינער סטראטעגיע, אבער דער פארטיידיקונגס־מיניסטער, וועלכער איז געווינלעך נישט קיין מיליטער־מאן, דארף פארביטן ווערן דורך אן אויבער־הויפטקאמאנדיר, וועלכער איז אומיטלבאר אונטערגעארדנט דעם פרעזידענט און פאראנטווארטלעך בלויז פאר אים".

„גודעריאן גייט דא ארויס פון דער טעאריע — שרייבט דער זשורנאל — היות די מלחמה ווערט אין אן אלץ גרעסערער מאס א טעכנישע פראגע פון אויסנוצן די פאראייניקטע גרופן פון דער קריגס־אוויאציע, ים־ און יבשה־קאמפס־כוחות, קאן מיטן דיספאנירן מיט די דאזיקע כוחות אנ־

פירן נאָר אַ קאַדראָווער מיליטער־מאַן". אַזוי אַרום ווערט אין דער פּערזאָן פונעם פּרעזידענט און פון דעם אויבער־הויפּטקאָמאַנדיר צוגעגרייט אַ מיליטעריש־פאַשיסטישע דיקטאַטור. ווער פון זיי עס וועט פאַקטיש זיין דער דיקטאַטאָר — איז נישט קיין וועזנטלעכע פראַגע, אָבער אַז דער פּראָיעקט גרייט צו דאָס קאָנצענטרירן אין די הענט פון די דאָזיקע צוויי פּערזאָנען די גאַנצע מאַכט אין דער מלוכה, — איז אַ באַשיימפּערלעכע זאַך.

לויטן פּראָיעקט פירט אויס דער אויבער־הויפּטקאָמאַנדיר זיין פונקציע מיט דער הילף פון צוויי אָרגאַנען: ערשטנס, פונעם גענעראַל־שטאַב, וועלכער פירט אָן מיט די אָפּעראַטיווע און שפּיאָנאַזש־פראַגן, מיט דער אַלגעמיינער אָרגאַניזאַציע פון דער באַזאָרגונג, מיט די מיליטערישע קאָמוניקאַציע־מיטלען, מיט די ענינים פון דער אינערלעכער פאַרטיידיקונג פון לאַנד און פּרעסע־ענינים; צווייטנס, מיט דער הילף פון דער פּאַרוואַלטונג מיט די ענינים פון באַוואָפענונג, וואָס דאַרף אָנפירן מיט אַלע בודזשעט-פראַגן פון די באַוואָפנטע כוחות, מיט די פראַגן פון באַוואָפענונג, מיליטערישער פליכט, קריגס־אינדוסטריע, מעדיצינישער דינסט און פראַגן פון אויספאָרשן און פאַרפולקאָמען די באַוואָפענונג, און אויך מיט מיליטעריש־אַדמיניסטראַטיווע ענינים. דאָס קאָנצענטרירן אין די הענט פון דער מיליטערישער אָנפירונג אַלע בודזשעט־ און באַזאָרגונגס־פראַגן וועט, ווי עס שרייבט דער זשורנאַל, „געבן די מיליטער-לייט אַ זייער גרויסע פרייהייט ביים לייזן די פראַגע וועגן דעם, וויפל זיי וועלן דאַרפן דאָלאַרן און אויף וואָס". אין דער הינזיכט באַפרייט זיך דער מיליטערישער אַפּאַראַט פון דער קאָנטראָל פונעם קאָנגרעס און דער ציווילער מאַכט. ס'גייען אויך אינגאַנצן אַריבער אין די הענט פון מיליטערישן אַפּאַראַט די פראַגן פון מאָביליזירן מענטשן אין אַלע מינים פון די באַוואָפנטע כוחות.

זייער באַדייטנדיק פאַרשטאַרקט זיך דער איינפלוס פון די מיליטערישע קרייזן אויפן געביט פון אידעאָלאָגיע. ווי עס זעט פאָר דער פּראָיעקט, וועט דער פּרעסע־אָפּטייל פון גענעראַל־שטאַב „נישט בלויז קאָנטראָלירן די צענזור מלחמה־צייט, נאָר אים וועט איבערגעגעבן ווערן די אָנפירונג אָדער דער איינפלוס אויף דער פּרעסע, מיט אַנדערע ווערטער, עס וועט אים נאָך צוגעגעבן די פּראָפּאַגאַנדיסטישע אַרבעט".

אין רשות פון גענעראַל-שטאַב דאַרף אויך איבערגיין דאָס סיסטעם פון דער אינערלעכער פאַרטיידיקונג פון לאַנד. אגב, פאַרנעמט אין דער אַרבעט פון פּענטאַגאָן (קריגס־מיניסטעריום) די מלחמה-צוגרייטונג קעגן דער אייגענער באַפעלקערונג נישט קיין קליין אָרט. אַלזייטיק איז פאַנאַנ־

דערגעארבעט געווארן די טאקטיק פון קאמף קעגן דער באפעלקערונג, קאן זיין, אז אפילו מער זארגעוודיק, ווי קעגן אויסערלעכן קעגנער, און דאס מיליטער, וואס איז באשטימט פאר דער מלחמה קעגן דער אייגענער באפעלקערונג, מאכט דורך א סיסטעמאטישע צוגרייטונג.

אזא איז די קורצע כאראקטעריסטיק פונעם גודעריאנישן פראיעקט פון רעארגאניזירן דעם מיליטערישן אפאראט פון פ. ש. א.

וואס באדייטן די פלענער פון דער מיליטערישער קליקע? קודם-כל באדייטן זיי די ווייטערדיקע פאשיזירונג פונעם לאנד, און אין דער ערשטער ריי די פאשיזירונג פון דער מיליטערישער מאשין ווי דאס הויפטגעצייג צו פארווירקלעכן די פאשיסטישע דיקטאטור.

דער גודעריאנישער פראיעקט זאגט עדות וועגן דער ווייטערדיקער לאנגישער אנטוויקלונג פונעם פראצעס פון דער מיליטאריזירונג און פאשיזירונג פון פ. ש. א. פאקטיש האט דער דאזיקער פראצעס ארומגעכאפט אלע געביטן פון לעבן אין לאנד. די אריינדרינגונג פון די פארשטייער פון דער אמעריקאנישער מיליטערישער קליקע אין אלע לעבנס-געביטן פון פ. ש. א. האט שוין לאנג אנגענומען א ברייטן פארנעם. דער צונויפוווקס פון די מאנאפאלן און אנפירנדיקע מיליטאריסטן אין פ. ש. א. איז אויף אזוי פיל ענג געקניפט, אז פאקטיש איז שווער פאנאנדערצוגרענעצן, ווו ס'ענדיקן זיך די פונקציעס פון א דירעקטאר פון א מאנאפאליסטישער פאראייניקונג און ס'הייבן זיך אן די פונקציעס, לאמיר זאגן, פונעם פארטיידיקונגס-מיניסטער אדער מיניסטער פון די מיליטערישע לופט־כוחות. די „גאלאנען" (מיליטער־לייט) זענען אריינגעדרונגען אינעם מלוכהשן אפאראט, פארכאפן אנפירנדיקע פאסטנס אויפן אידעאלאגישן פראנט. די אמעריקאנישע מיליטערישע קליקע נעמט אפן איבער אין אירע הענט די דערציונג פון דער יוגנט, באזונדערס אין די הויכשולן. ס'איז פולשטענדיק קלאר די ריכטונג און דער כאראקטער, וואס די אמעריקאנער גענעראלן גיבן דער דערציונג פון דער שטודירנדיקער יוגנט. זיי שטרעבן צוצוגרייטן פון זיי געהארכזאמע אפיצערן און סאלדאטן פאר מלחמה־אוואנטורעס, באנדיטן און פארגוואלטיקער לויטן היטלעריסטישן מוסטער. די מיליטאריסטן פירן אויך אן מיט דער אזוי גערופענער „אידעאלאגישער אגרעסיע", וועלכע ווערט אזוי שטארק פאנאנדערגעוויקלט אויפן געביט פון וויסנשאפט, ליטעראטור, קונסט, קינא, ראדיא א. א. גודעריאנס פראיעקט גיט פאקטיש איבער אונטער דער קאמאנדע פון דער אמעריקאנישער מיליטערישער קליקע אלע זייטן פונעם לעבן אין פ. ש. א.

דער פּראָיעקט, וואָס איז פאַנאַנדערגעאַרבעט געוואָרן דורך גורער־
יאַנען, באַווייזט די ריכטונג, אין וועלכער עס אַרבעט איצט דער געדאַנק
פון די אימפּעריאַליסטישע רעדל־פירער פון פ. ש. א., און קודם־כל זאָגט
ער עדות וועגן דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פונעם אַגרעסיוון קורס
אין דער אינערלעכער און אויסערלעכער פּאָליטיק פון די אַמעריקאַנישע
מאָנאָפּאָלן, פונעם קורס אויף ווייטערדיקער פאַשיזירונג און מיליטאַרי־
זירונג פונעם לאַנד לויטן דייטש-פאַשיסטישן מוסטער, פונעם קורס אויף
צוצוגרייטן די אַגרעסיווע מלחמה.

ג. פאָליאַנאָוו

## דער האַרמאַטן־קעניג קרופּ און זיינע אַמעריקאַנער פריינד

ווען גענעראַל אייזענהאַוער האָט באַזוכט די ברעגן פון רהיין, בעת זיין אייראָפּעישן טור, האָט ער געמאָלדן וועגן אַן אַלגעמיינער אַמנעסטיע פאַר די זינד פון די היטלעריסטישע מלחמה-פאַרברעכער. אין אַנדערהאַלבן וואָכן אַרום האָט דער אַמעריקאַנער הויך־קאָמיסאַר אין מערב־דייטשלאַנד, מאַקלאָי, פאַרעפנטלעכט אַן אָפיציעלע מעלדונג וועגן פאַרמילדערן די שטראָפן אָדער באַפרייען 21 פון צווישן 28 פאַשיסטישע גורלים.

צווישן די אָנגעזעענע היטלעריסטן, וואָס האָבן פאַרלאָזט די באַקוועמע ווינקעלעך פון דער אַלטער בייערישער פעסטונג אין לאַנדסבערג, געפינט זיך אויך דער האַרמאַטן־קעניג אַלפרעד קרופּ פאָן באָלען האַלבאַך, אַ שפּראָץ פון דער רורער מאַגנאַטן־דינאַסטיע, וואָס זיין נאָמען איז געוואָרן דער סינאָנים פון אינטערנאַציאָנאַלן מאָרד. במשך פון לאַנגע יאָרצענטליקער קען נישט די געשיכטע קיין איין מלחמה־אַוואַנטורע פונעם דייטשישן אימפּעריאַליזם, אין וועלכער די קרופּס זאָלן נישט נעמען דעם סאַמע אַקטיווסטן אָנטייל. מלחמה איז געוואָרן זייער ירושהדיקע פאַמיליע-פּראָפעסיע, און מאַסן־מאָרד — דער הויפּטקוואַל פון זייערע רווחים, זיי וואָלטן געקאָנט זאָגן פּונקט ווי טיטוס: „מיר האָבן אויסגעהאַלטן היטערן״. אין דער לוקסוס־ווילע פון די קרופּס ביים רהיין האָבן זיך קאָנצענטרירט די פעדעם פון דער פאַשיסטישער פאַרשווערונג קעגן שלום, און די אימפּעריאַלע אינדוסטריע־גרופּע, וואָס אין איר שפּיץ איז געשטאַנען גוסטאַוו קרופּ, אַלפרעדס פאָטער, איז געוואָרן די קיך פון דער היטלעריסטישער אַגרעסיע.

ס׳איז נישט קיין וווּנדער, וואָס תיכף נאָכן צעשמעטערן „די דריטע אימפּעריע״ האָט די וואָל-סטריט געמאַכט אַלע מעגלעכע שריט צו ראַטעווען די אַלטע רורער שותפים פון דער מאָרד־פּראָדוקציע. דער פאַרעלטערטער גוסטאַוו קרופּ און דער געוועזענער גענעראַל-דירעקטאָר פון קאָנצערן, האָגענבערג, זענען מיט גרויס העפלעכקייט באַפרייט געוואָרן פון

יעטווועדער פאראנטוואָרטלעכקייט פאַר די באגאנגענע פאַרברעכנס: די אמעריקאַנישע און ענגלישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן דערקלערט, אַז זיי זענען באַאומרואיקט צוליב זייער „שלעכטן געזונט־צושטאַנד”. איבער אַלפרעדן און עטלעכע דירעקטאָרן פונעם קאָנצערן איז געמאַכט געוואָרן אַ געריכטס־קאָמעדיע, און מע האָט זיי אויף אַ געוויסע צייט אַוועקגענומען פון די אויגן פון דער אויפגעבראַכטער געזעלשאַפטלעכקייט. אָבער שוין דער אורטייל אַליין איבער אַלפרעד קרופּן, וואָס איז דיקטירט געוואָרן דורך די אמעריקאַנישע אַדוואָקאַטן פונעם פּאַשיזם, האָט אין זיך אַנטהאַלטן אַ פּאָליטישן טריק: דער דאָזיקער האַרמאַטן פאַבריקאַנט איז נישט באַשולדיקט געוואָרן, אַז ער האָט אָנטיילגענומען אין דעם פּאַנאַנדערפּלאַקערן די צווייטע וועלט־מלחמה. די טיר פאַר אַן ענדגילטיקן אַליבי איז געבליבן אָפן.

אין מערץ 1950 י., באַלד נאָכן טויט פון גוסטאַוו קרופּ, האָט וואַשינגטאָן באַשטימט אַ ספּעציעלע עקספּערטן־קאָמיסיע, וועלכער מ׳האָט אויפגעלייגט אויפן באַפוילן צו געפינען עפּעס אַ פּאַסיקן תירוץ צו באַגנעדיקן אַלפרעדן און פאַרשטעלן דעם דאָזיקן שולדיקן אין מאַסן־מאָרדן פאַר אַן אומשולדיק שעפּעלע. ווי ס׳איז געווען צו דערוואַרטן, האָבן זיך די באַמיִונגען פון די עקספּערטן אַרויסגעוויזן פאַר זייער פרוכטבאַרע: די אמעריקאַנישע מאַכט־אָרגאַנען, אַמגעסטירנדיק די פּאַשיסטישע קריגס־פאַרברעכער, האָבן פּלוצעם אויסגעפונען, אַז דאָס וועט אַנטשפּרעכן די „אמעריקאַנישע געזעץ־פּרינציפּן”. מעלדנדיק וועגן דעם, האָט מאַק קלאָי פאַרזיכטיק פאַרשוויגן, אַז דאָס איז דאָס זעלבע „געזעץ”, לויט וועלכן מאַק־אַרטורס גאַרגל־שניידער מאָרדן קאָרעישע פרויען און קינדער, ברענען קאָרעישע שטעט און דערפער, אַז דאָס איז דאָס פּאַשיסטישע „געזעץ” פון גוואַלד און רויב, מיט וועלכן עס האָט זיך בשעתו באַנוצט היטלער.

לויטן אַמעריקאַנער „געזעץ” און דעם ווילן פון וואַשינגטאָן קערט זיך צוריק אום דער נאַציסטישער האַרמאַטן־קעניג אין זיין פאַמיליען־גוט אין עסען. ער באַקומט צוריק זיין פאַרמעגן, וואָס איז קאָנפיסקירט געוואָרן. אַלפרעד קרופּ וועט זיך שטעלן בראש פון דעם גיגאַנטישן קאָנצערן, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אויף חורבן און מאָרד: דער דאָזיקער קאָנצערן איז ביז 1945 געווען דער באַלעבאָס פון 110 דייטשישע און 41 אויסלענדישע געזעלשאַפטן. זיינע רויבערישע לאַפּעס האָבן אַרומגענומען נאָך אַנדערע 127 דייטשישע און 25 אויסלענדישע פירמעס.

די דעמאָקראַטישע דייטשישע פּרעסע טיילט מיט, אַז אַלפרעד קרופּ האָט לגמרי נישט פאַרלוירן אומזיסט קיין צייט אין דער קאָמפּאַרטפּולער

קאמער פון דער לאנדסבערגער פעסטונג. ער האט באארבעט די פלענער פון רעמיליטאריזירן דעם רור-געביט און ארויסגערופן באוואונדערונג ביי די עלטערע אמעריקאנישע פארטנערן מיט זיין וויסן און דערפארונג אויפן דאזיקן געביט. קרופ איז נישט פארגעסן געווארן ביים נייעם פאנאנדערטיילן פון די ראלן אין דער רהיינישער אגרעסיע־קוזניע, זיין פירמע באמיליקט זיך אויפסניי אין די פארברעכערישע קריגס־ביזנעס. אין זיינע פאבריקן אין עססען וועלן ווידער פראדוצירט טאנקען, און דורכן ספעציעלן קאמיטעט ביים באנער „פארלאמענט" איז נאך מיט אנדערהאלבן חדשים צוריק באשלאסן געווארן צו געבן קרופן א קרעדיט פון 11 מיליאן מארק, ווי אויך געבן אים און זיינע זיבן דירעקטארן די מעגלעכקייט אנצופירן מיטן אויסברייטערן די קריגס־פראדוקציע פון זיין פירמע. די אויסערגעוויינלעכע לעבנספעיקייט פון קרופס פאבריקן האבן גורם געווען צוויי אומשטענדן: ערשטנס, האבן בעת די לופט־אנפאלן אויף מערב־דייטשלאנד די אמעריקאנער און ענגלישע באמבעס מיט באוואונדערנדיקער פינקטלעכקייט חוקא געטראפן אין די ארבעטער־וווין־קווארטאלן און נישט אין די ווענט פון די קריגס־אונטערנעמונגען. צווייטנס האבן די אמעריקאנישע ריכטער אין נירנבערג, בעתן קאנפיסקירן אלפרעדס פארמעגן, איבערגעלאזט נישט גערירט דאס אייגנטום פון פראו בערטע קרופ; אויף איר נאמען האבן דאך די קרופס נאך אין יאר 1943 איבערגעשריבן דעם הויפט־אקטיוו פון קאנצערן, וועלכער ווערט אפגעשאצט אויף א סומע פון 508 מיליאן דאלאר.

דאס באגנעדיקן די היטלעריסטישע רעדל־פירער באשטעטיקט נאכאמאל, אז די אמעריקאנישע אגרעסארן האבן אוועקגעשטעלט אין א ברייטן פארנעם די פראגע פון צוציען די פאשיסטישע ספעציאליסטן אויפן געביט פון מאסן־מארד צו דער צוגרייטונג פון א נייער מלחמה. אין וואשינגטאן באגנוגנט מען זיך שוין נישט מיטן אויסנוצן די ווערמאכט־גענעראלן צו מושטרירן אייזנהאוערס אינפאנטעריע־דיוויזיעס, די אמעריקאנישע באנקירן און גענעראלן דארפן אויך האבן די פאבריקאנטן פון די „דושעגובקעס", די בויער פון די אשוויענטשימער קרעמאטאריע־אויוונס, די סוחרים פון הארמאטן, באמבעס און שטיקנדיקע גאזן.

זומער 1950 יאר זענען אויפגעעפנט געווארן די תפיסה־טויערן פארן קריגס־מאגנאט פרידריך פליאק און פאר אייגעם פון די הויפט־אנפירער פון דעם כעמישן קריגס-קאנצערן פריץ טער־מעער.

דערנאך איז ארויסגעלאזט געווארן אויף דער פריי קרופ. מארגן קאנען באפרייט ווערן אויך אנדערע פאשיסטישע גדולים. זיי פאראייניקט מיט די

אַמעריקאַנישע באַסן אַ געמיינזאַמער ציל — אַגרעסיע, און די געמיינזאַמע לײַדנשאַפט — מלחמה־דרווחים. זייער פּרצוף איז באַקאַנט די פעלקער, וואָס האָבן אָװעקגעגעבן אַזױ פיל קרבנות אין נאָמען פון צעשמעטערן די פאַשיסטישע קריגס־מאַשין נישט צוליב דעם, זי זאָל קאָנען אױפסנײ זיך באַווייזן אונטער דער פאָן פונעם דאָלאַר.

אָט פאַרוואָס די פשוטע מענטשן פון דער גאַנצער וועלט פאַרשטאַרקן זייער וואַכזאַמקייט לגבי די נייע אינטריגעס פון די מלחמה־אונטערציני־דער; אָט פאַרוואָס דער קאַמף קעגן דער רעמיליטאַריזאַציע פון מערב־דייטשלאַנד שטעלט מיט זיך פאָר אַ וויכטיקע אױפגאַבע פון אַלע שלום־אָנהענגער.

מ. שלאַכאָוו

# די מלחמה־אונטערצינדער וועלן נישט אויסמיידן דעם משפּט פון די פעלקער

איבער מיין היימלאַנד טראָגן זיך, אין דער בלויקייט פון האַרבסט־הימל, ווייסע, פּוכיקע וואָלקנס. זיי שווימען איבער די אומענדלעכע דאָנער סטעפּעס, איבער די פעלדער פון קובאַן און סטאַווראָפּאָל. זייער ווייכער שאָטן פאַלט אויף רואיקע שטעט און דערפער פון ראַנטנפּאַרבאַנד. מעגלעך, אַז דער מילדער ווינט האָט פאַרטראָגן אויפן ווייטן צפון אַ וואָלקנדל, וואָס אַ האָלצהעקער אָדער יעגער האָט נאָכגעפאָלגט מיט אַ פאַרטראַכטן דויערנידקן בליק, ווי אַ פריינדלעכן גרוס פון הדרום. די וואָלקנס שווימען איבער דער היים־ערד, איבער די רחבותדיקע שטחים פון ערד־קוילעך, און דער פּשוטער אַרבעטס־מענטש, וואָס האָט ליב דאָס לעבן פון גאַנצן האַרץ און שאַפט דאָס לעבן, וועט זיך צעווים דערפרייען אין דאָזיקן סעפּטעמבער־טאָג און באַוווּנדערן די גרויסע שיינקייט פון דעם פאַרנעפּלטן וואָלקנדל, וואָס דער האַסטיקער ווינט טראָגט איבערן הימל.

איבער דער שיינער, קליינער קאַרעע, וואָס איר פאָלק איז פון לאַנג באַקאַנט מיט זיין ליבע צום שלום, הויכער אוראַלטער קולטור, מיט זיין ליבע צו אַרבעט — שווימען אויך די זעלבע וואָלקנס.

אָבער איבער די וואָלקנס פליען בייטאָג און ביינאַכט אַמעריקאַנישע עראָפּלאַנען און זייען טויט איבער דער קאָרעישער ערד. זיי פאַרוואַנדלען די שטעט און דערפער אין חורבות. טייכן בלוט פון פרויען, קינדער און אַלטע לייט, דערמאָרדעטע און פאַרוווּנדעטע דורך די אַמעריקאַנישע „העלדן" אויף דער ערד, אין דער לופט און אויפן ים — באַגיסן די קאָרעישע ערד.

דאָס פּורפּור־רויטע מענטשלעכע בלוט, וואָס צעגיסט זיך איבער דעם פאַרפרוירענעם שניי, ווערט געדיכט און באַקומט אַ טונקעלן קאַרשן־קאָליר, אַזוי ווי אין אַ הייסן זומער־טאָג... מיר קענען דעם דאָזיקן קאָליר און דעם שאַרפן גערוך, וואָס פאַרקלעמט דאָס האַרץ און דעם האַלדז.

אונדז זענען גוט באַקאַנט די מענטשן אין די האַקן־מונדירן און זייערע הענט מיט די פאַרשאַרצטע אַרבל, די הענט, וואָס זענען ביז צו די עלנבויגן פאַרשמירט מיט בלוט. מיט אויגן, וואָס ווייסן נישט פון קיין מיטלייד, קוקט די מענטשהייט אויף די פאַרברעכנס, וואָס דער אַמעריקאַנישער אימפּעריאַליזם באַגייט אין קאָרעע, אין כינע, אָבער דער גערעכטער און אומפאַרמיידלעכער אורטייל אירער וועט זיין פּונקט אַזוי אומברחמנותדיק.

ווען מע טראַכט וועגן קאָרעע, ווילט זיך פרעגן די אַמעריקאַנישע פרויען: צו טוט דאָס אייך נישט וויי? און נאָך אַ פראַגע געווענדעט צו די אַמעריקאַנישע מענער: צי שעמט איר זיך נישט?

דער גרויסער לענין האָט ליב געהאַט דעם אַמעריקאַנישן שרייבער דזשעק לאָנדאָן. נאַדיעזשדאַ קרופּסקאַיאַ דערציילט, אַז צוויי יאָר פאַרן טויט פון וולאַדימיר איליטשן פלעגט זי אים אָן די אָוונטן פאָרלייענען די דערציילונגען פון דזשעק לאָנדאָן „די ליבע צום לעבן". אויך הייַנט ליגט נאָך דאָס בוך אויפן טיש פון זיין צימער. צוליב דער ליבע און אַכטונג, וועלכע מיר האָבן פאַרן גרעסטן מענטשן פון אונדזער עפּאָכע — לענינען און צוליב דעם אָנדענק פון דעם גרויסן, ערלעכן שרייבער דזשעק לאָנדאָן, וועלן מיר די לייענער אַנטשולדיקן די אפשר צו לאַנגע ציטאַטע.

צוויי גאָלד־זוכער, וועלכע האָבן געאַרבעט צוזאַמען ערגעץ אויפן צפון פון אַלאַסקאַ, שרעקלעך הונגעריקע און מידע, וואַנדערן איבער דער צפונדיקער וויסטעניש אין דער ריכטונג צו די באַוווינטע געגנטן. די דערציילונג הייבט זיך אָן אַזוי:

„מיט גרויס אָנשטרענגונג האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט פון דעם משופּעדיקן ברעג, און דער, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס, איז שיר נישט אומגעפאַלן, פאַרטשעפּנדיק זיך ביי אַ פעלז. זיי זענען געווען מיד און דערשעפּט, זייערע פּנימער האָבן אויסגעדרוקט הכנעה, אַ סימן פון לאַנג־דויערנדיקער נויט. זיי האָבן זיך געבויגן אונטער דער משא פון די פּעק, איינגעוויקלטע אין קאָלדרעס. די פּעק האָבן זיך געהאַלטן אויף פּאַסן, פאַרלייגטע איבער די פּלייצעס און קעפּ, יעדער פון זיי האָט געטראָגן אַ ביקס. זיי זענען געגאַנגען איינגעהויקערט, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און אויסגעשטרעקטע העלדזער.

— איך וואָלט וועלן האָבן כאָטש צוויי פון די קוילן, וועלכע מיר האָבן באַהאַלטן אין דער באַהעלטעניש — האָט געזאָגט דער צווייטער וואַנדערער. זיין שטים האָט געקלונגען רואיק און אָן ליידנשאַפט. ער האָט גערעדט גלייכגילטיק אָן דער מינדעסטער אויפרעגונג. דער, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס, האָט אפילו נישט באַוויליקט צו ענטפערן זיין חבר. זיי

זענען צוגעקומען צו אַ רווישיקן קוואַל. דער ערשטער האָט זיך אויף קיין ווײַלע נישט אָפּגעשטעלט, דער צווייטער וואַנדערער איז נאָכגעגאַנגען דעם ערשטן. זיי האָבן נישט אויסגעטאָן די שיך, הגם דאָס וואַסער איז געווען קאַלט ווי אײַז, אַזוי קאַלט, אַז די קנעכל האָבן זיי אָנגעהויבן ווײ צו טאָן, און די פיס זענען פאַרשטײַפט געוואָרן. אין געוויסע ערטער איז דאָס וואַסער דערגאַנגען ביז צו די קני, און ביידע, רוקנדיק זיך פאָרויס, האָבן מיט די פיס געפּאָרשט די טיפקייט. דער, וואָס איז געגאַנגען פון הינטן, האָט זיך אויסגעגליטשט אויף אַ גלאַטיקן שטיין און איז שיִר נישט אומגעפאַלן. ער האָט, קוים האַלטנדיק זיך אויף די פיס, הויך אַ געשריי געטאָן פון ווייטיק. ס'האָט זיך אים פאַרדרייט דער קאָפּ, און ער האָט אויסגעצויגן אײַן פרייע האַנט, גלײַך ווי ער וואָלט וועלן זיך אָנכאַפּן פאַר דער לופט. געפונען די גלײַכגעוויכט, האָט ער געמאַכט אַ טריט פאָרויס, אָבער ער האָט זיך ווידער אַ וואַקל געטאָן. דאַן איז ער געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערט און האָט אַ קוק געטאָן אויף זײַן חבר, וואָס איז געגאַנגען פאָרויס און האָט זיך קיין איינמאָל נישט אומגעקוקט אויף אים. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען אָן באַוועגונג, גלײַך ווי ער וואָלט מיט זיך געפירט אַ שמועס, דערנאָך האָט ער אויסגערופן:

— הער זיך איין, ביל. דאַכט זיך, אַז איך האָב זיך אויסגעלענקט אַ פוס.

ביל איז ווייטער געגאַנגען אין דעם מוטנעם שטראָם. ער האָט זיך נישט אומגעקוקט. דער צווייטער האָט אים נאָכגעפאָלגט מיטן בליק, זײַן פּנים איז געווען גלײַכגילטיק, אָבער די אויגן זענען ענלעך געוואָרן צו די אויגן פון אַ פאַרוווּנדעטן הירש.

ביל האָט זיך שוין אַריבערגעקריגן אויפן צווייטן ברעג און נישט אומקערנדיק זיך, איז ער געגאַנגען פאָרויס.

דער צווייטער איז געשטאַנען אינמיטן שטראָם און האָט אים נאָכ-געפאָלגט מיט זײַן בליק. די ליפּן האָבן אים אָנגעהויבן ציטערן, ער האָט מיט דער צונג אַ פיר געטאָן איבער די טרוקענע ליפּן.

— ביל! ביל! — האָט ער גערופן.

דער געשריי האָט אויסגעדריקט די ביטע פון אַ שטאַרקן מאַן, וואָס ס'האָט אים געטראָפן אַן אומגליק. אָבער ביל האָט זיך נישט אומגעקערט. דער, וואָס איז געבליבן פון הינטן, האָט געקוקט ווי ביל דראַפּעט זיך אַרויף מיט אומזיכערע טריט, פאַרטשעפּענדיק זיך, אויף דעם משופּעדיקן ברעג אין דער ריכטונג פון דער אומדייטלעכער האָריזאָנט-ליניע, וואָס האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם נידעריקן בערגל. דער, וואָס איז געבליבן פון הינטן,

האט נאכגעקוקט זיין חבר, ביז וואנען ער איז אריבער דאס בערגל און פארשוווּנדן געווארן. דעמלט האט ער אפגעקערט זיין בליק פון דעם בערגל און פאמעלעך ארומגענומען מיט אים דעם גאנצן ארום, וואס איז אים געבליבן נאכדעם ווי ביל איז אוועק".

געמיינקייט וועט שטענדיק בלייבן געמיינקייט, און לײדער וועלן קיין אויסווורפן נישט אויספעלן אויף דער וועלט.

מיר געדענקען ווי די בילן פון וואל־סטריט און לאנדאנער סיטי האבן איבערגעגעבן אין די הענט פון דייטשישן פאשיזם די פעלקער פון איראפע. זיי האבן גערעכנט, אז דער ראטנפארבאנד, אויסגעבלוטיקט און אפגעשוואכט פון דעם העפטיקן קאמף מיט היטלער־דייטשלאנד, וועט אויפהערן צו עקזיסטירן ווי א גרויסמאכט און ארייגפאלן אין די לאפעס פון די אנגלא־אמעריקאנישע אימפעריאליסטן. טאקע דערפאר האבן זיי אפגעשלעפט ווי צומלענגסטן דאס עפענען דעם צווייטן פראנט, און ראטנפארבאנד האט אין משך פון דריי יאר איינער אליין געקעמפט מיט די היטלער-באנדעס.

היינט פירן די בילן פון א קלענערן שניט, וואס די אמעריקאנער רעגירונג האט געקויפט פאר הדייסיק זילבערשטיק און ארויסגעשיקט קיין קארעע, דעם קריג מיטן קארעישן פאלק, און טונקען זיך אויף פרעמדער ערד ביז די קני אין בלוט.

דאס סאוויעטישע פאלק האט זיך תמיד באצויגן און באציט זיך מיט אכטונג צו די אמעריקאנישע ארבעטס־מענטשן. חבר סטאלין האט אין זיינער צייט אויסגעדריקט זיין אנערקענונג פאר דער זאכלעכקייט פון די אמעריקאנישע מענטשן. אבער דאס איז געווען א רייד וועגן דער זאכלעכקייט אין ארבעט. און איצט פארשעלט די ערגעכע טייל פון דער מענטשהייט די אמעריקאנער פארברעכער. אויפגעבראכט קוקט זי אויף דעם ציניזם און קאלטבלוטיקייט פון די אמעריקאנער פליער, וואס מארדן די רואיקע באפעלקערונג פון קארעע. מיט דער גרעסטער עמפערונג קוקט זי זיך צו, ווי די נעדונגענע זעלנער פון דער אמעריקאנישער ארמיי, באהאלטנדיק זיך אונטער דער פאן פון די פאראייניקטע נאציעס, פירן אן אומרחמנותדיקן קריג קעגן א קליין רואיק פאלק, וואס וויל אליין דעצידירן וועגן זיין גורל לויט זיין איינזען, און דעם ארייגמישן זיך פון פרעמדע.

אין דער ערשטער פאזע פון דער פאריקער מלחמה האבן די דייטשישע פאשיסטן אפלאכנדיק פון די סאוויעטישע זעלנער, אנגערופן זיי „רוסישע איוואנען", מיטן ווילן זיי דערמיט צו באליידיקן. זיי האבן אזוילאנג אפגעלאכט, ביז דער „רוסישער איוואן" האט זיי הינטער סטאלינגראד אפגעוווינט נישט נאר פון לאכן, נאר אפילו פון שמייכלען.

איוואַן — דאָס איז אַ פּרעכטיקער נאָמען. מיליאָנען איוואַנען אין דעם פילפעלקערדיקן ראַטנפאַרבאַנדישן לאַנד, די זעלבע איוואַנען, אַרבעטן איצט אָפּפערוויליק פאַרן ווויל און פאַנאַנדערבלי פון זייער פאָטערלאַנד, אויך בעת דער פאַריקער מלחמה, ווי אין משך פון דער גאַנצער געשיכטע פון זייער לאַנד, האָבן זיי מיט אומפאַרגלייכלעכער העלדישקייט געקעמפט מיט די אָנפאַלער.

זיי האָבן דאָס מיט זייער ברוסט פאַרשטעלט די לופעס פון די דייטשישע ביקסן, ראַטעוועגדיק זייערע קאַמפס־חברים פון דעם שונאס טויט־פייער; זיי האָבן דאָס, ווי מיט אַן אייזערנעם שטויסהאָרן געשלאָגן די פיינטלעכע עראָפּלאַנען, פאַרטיידיקנדיק זייערע שטעט און דערפער; זיי האָבן דאָס געטרונקען זיך אין די געזאַלצענע וואַסערן פון אַלע ימען און אָקעאַנען, וואָס רינגלען אַרום די ברעגעס פון זייער פאָטערלאַנד, ביז זיי האָבן ענדלעך אָפּגעראַטעוועט די מענטשהייט פון דער פאַשיסטישער רזשומע, וואָס האָט פאַרשפרייט איבער דער וועלט אירע שוואַרצע פליגל.

זיי האָבן נישט געזשאַלעוועט דאָס בלוט און דאָס לעבן און אויסגעפילט זייער דערהויבענע און הייליקע פליכט — גראָד דעמאָלט, ווען די אַמעריקאַנישע און ענגלישע קאַפּיטאַליסטן, וואָס זענען רייך געוואָרן פון דער מלחמה, האָבן געזאַמלט דאָלאַרן.

אָט ווער עס איז דער סימבאָלישער רוסישער איוואַן: דער מענטש אין דעם גרויען שינעל, וואָס האָט זיך אויף קיין איין רגע נישט פאַרטראַכט אָפּצוגעבן דעם לעצטן ביסן ברויט און די 30 גראַם צוקער אַ פאַריתומט קינד; דער מענטש, וואָס האָט מיט זיין גוף פאַרשטעלט זיין חבר, ראַטעוועגדיק אים פון אַ זיכערן טויט; דער מענטש, וואָס האָט מיט צונויפגעדריקטע ציין איבערגעטראָגן און וועט איבערטראָגן כּלערליי נויטן און שוועריקייטן, באַווייזנדיק העלדנטאַט; אין נאָמען פון זיין פאָטערלאַנד. אַ פּרעכטיקער נאָמען איז איוואַן.

און אונדזערע זעלער האָבן די פאַשיסטישע זשאָלדאַקעס אָנגערופן מיט צעשמעטערנדיקער פאַראַכטונג — „פריצן". מיט וואָס אַסאָציאירט זיך אין געדאַנק פון די פעלקער, וועלכע זענען אַמאָל געווען אונטער דעם שטיוול פון די פאַשיסטישע אָקופּאַנטן, דער נאָמען „פריץ"? רויב און געוואַלד, שרפות און מאָרדן, וועלכע זענען באַגאַנגען געוואָרן איבער שוצלאָזע פרויען און קינדער און נאָך עפּעס: „מלעקאָ, קורקי, יאַיקאָ, שפּעק"... אַ טרויעריקן אָנדענק האָט נאָך זיך איבערגעלאָזט ביי די פעלקער דער פשוטער דייטשער נאָמען „פריץ". אומאָנגענעם און טרויעריק וועט זיין דעם אַמעריקאַנער פאָלק, אויב דער פשוטער נאָמען „ביל" וועט בלייבן

אין זכרון פון דער מענטשהייט ווי א סינאָנים פון בעסטיאַלישקייט, פאַר־קויפטקייט און נידערטרעכטיקייט, פאַר וועלכע ס'איז קיין פאַרענטפערונג נישטאָ.

דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק האָט אין משך פון דער פאַרהעלטנישמע־סיק נישט לאַנגער צייט פון זיין עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן צענטליקער מי־ליאָנען ערלעכע אַרבעטס־מענטשן און באַדייטנדיקע יחידים אויפן געביט פון פּאָליטיק, וויסנשאַפט, טעכניק, קונסט און ליטעראַטור. זייערע נעמען דערמאָנט מיט אַכטונג נישט נאָר דאָס אַמעריקאַנישע פאָלק, נאָר די גאַנצע ערלעכע מענטשהייט.

אָבער עס עקזיסטירט אין דער איצטיקער אַמעריקאַנישער ווירקלעכ־קייט אַ נאָמען, וואָס אַלע ערלעכע מענטשן פון דער וועלט רופן אַלץ אָפטער אָן מיט כעס און פאַראַכטונג — דער נאָמען פון דעם איצטיקן פּרעזי־דענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן — האַרי טרומאַן. האַרי טרומאַן — דער מענטש מיט די דינע פאַרצויגענע ליפּן און מיטן פּנים פון אַ יע־זואיט, וואָס האָט דער ערשטער אַרויסגעשיקט קיין יאַפּאַן לופט־שיפן מיט אַטאָם־באָמבעס און וואָס וואָלט זיך נישט צו זאָגן איצט: „איך וועל זיך נישט אָפּהאַלטן פון נאָכאַמאָל זיך באַנוצן מיט דער אַטאָם־באָמ־בע, אויב דאָס וועט נייטיק זיין".

העד טרומאַן וועט שטענדיק געפינען אַ „נויטוועגדיקייט", און אויב ער וועט זי אַליין נישט געפינען — וועלן אים זי אונטערדרוקן זיינע אומ־מיטלבאַרע באַלעבאַטים פון וואָל־סטריט.

אָבער פּונקט ווי דער נאָענטער און גרויזאַמער טראַך פונעם דונער פאַר אַ מעכטיקן שטורעם, וואָס וועט אָפּרייניקן די ערד — הילכט אַף די שטים פון מיליאָנען אויפגעבראַכטע מענטשן, וואָס פּראָטעסטירן קעגן דער אַמעריקאַנער אינטערווענץ, קעגן אָנווענדן די אַטאָם־באָמבע.

דער זכרון פון די פעלקער איז ווי אַ קוואַל, וואָס טריקנט נישט אויס און וועט קיינמאָל נישט פאַרגעסן נישט די באַגאַנגענע פאַרברעכנס פונעם אַמעריקאַנער אימפּעריאַליזם, נישט די דראָאונגען קעגן דער רו און שלום פון דער מענטשהייט.

ס'איז שווער אָן אַ שמייכל צו לייענען די ביאָגראַפיע פון טרומאַנען.

עס ליגט פאַר מיר אַן אַרטיקל פון ט. טאַבאַרי, וואָס איז פאַרעפנט־לעכט געוואָרן דורך דער רייטער־אַגענטור, גלייך נאָכדעם ווי טרומאַן איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַר אַ פּרעזידענט. דאָס אַרטיקל טראָגט דעם קאָפּ: „די גרויסע קאַריערע פון אַ גראָען מענטשן". דאָס אַרטיקל פאַרדינט אויפמערקזאַמקייט נישט בלויז פון דעם אַמעריקאַנער לייענער און פאַר־

דערט אומבאדינגט קאָמענטאַרן. ה. טאַבאַרי שרייבט: „דאָס לעבן, דער כאַראַקטער, די פּאָליטישע איבערצייגונגען און אַלגעמיינער וועלט־באַנעם פון דעם דרייאונדרייסיקסטן פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן קאָן מען כאַראַקטעריזירן מיט די ווערטער — „דער גאָלדענער מיטלוועג“. טרומאַן ווייזט נישט ארויס קיין שום דייטלעכע שטריכן, וואָס כאַראַקטעריזירן אַ גאָני. ביז דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך פּלוצעם באַוויזן אויף דער סצענע ווי אַ מיטגליד פון דעם „גרויסן דריילינג“, וואָס דעצידירט וועגן גורל פון דער וועלט, איז זיין גאַנצע קאַריערע באַשטאַנען אין אַ פּאַמעלעכן און בהדרגהדיקן אַוואַנסירן. וועגן זיין אָפּשטאַם זאָגט טרומאַן: „עס פעלט אונדז נישט קיין שום זאַך צו ביסלעך. אויב מע זאָל אַ טרייסל טאָן אונדזער גענעאַלאָגישן בוים, קאָנען פון אים אַראָפּפאַלן אַלץ וואָס יעדער וויל: עס וועט זיך דאָרט געפינען סיי שקאָטיש, סיי אירלענדיש, סיי האָלענדיש בלוט“.

טרומאַן האָט אַמאָל געלעבט אויף זיין באַבעס אַ פאַרמע, און זיין מוטער האָט זיך באַרימט, אַז קיינער אין גאַנצן לאַנד קאָן נישט פאַראַקערן אַזוי גלייך ווי איר האַרי.

פּרעזידענט טרומאַן האָט נישט איינמאָל איבערגעחזרט, אַז דעם גרעסטן איינפלוס אויף אים האָט געהאַט זיין מוטער. ווען טרומאַן איז געוואָרן וויצע־פּרעזידענט, האָט ער גלייך וועגן דעם טעלעפאָניש מודיע געווען זיין מוטער. זי איז אַלט 91 יאָר און האָט זיך נישט איבערגענומען מיטן דערפאָלג פון איר זון. ווען טרומאַן האָט איר מודיע געווען דעם רעזולטאַט פון די וואַלן, האָט זי בלויז געזאָגט: „האַרי, זיי אַ וויל יינגל“. דער ווונטש פון דער מוטער איז נישט מקוים געוואָרן. ער איז נישט קיין „וויל יינגל“, פּונקט ווי ער איז נישט קיין אַמעריקאַנער גענעראַל, וועגן וואָס ער האָט אַמאָל געטרוימט.

ער איז אויך נישט קיין דירעקטאָר פון דער באַנק, אין וועלכע ער האָט אַמאָל געאַרבעט. אין איין זין בלויז זענען מקוים געוואָרן די ווערטער פון טרומאַנס מוטער: האַרי פאַראַקערט אַ גלייכע ליניע, אָבער די ליניע פירט פון דער באַבעס פאַרמע ביז דער וואָל־סטריט, און פון דאָרט, לויט אַן אידעאַל־גלייכער ליניע, צום אומבאַגרענעצטן אַפּעטיט צו פאַרכאַפּן דאָס שלום־ליבנדיקע כינע און ביז דער איצטיקער נידערטרעכטיקער מלחמה אין קאָרעע.

אין זיין אַרטיקל באַשרייבט טאַבאַרי אונטערטעניק און אויספירלעך די ביאָגראַפיע פונעם פּרעזידענט. דאָרט ווערט געזאָגט, אַז האַרי טרומאַן איז בעת דער ערשטער אימפּעריאַליסטישער מלחמה געווען אַן אָפיצער

אין דער אינטענדאַנטור פון אַ מיליטערישער פאַרזאָרגונגס־אָפּטיילונג, און שפּעטער נאָך דער מלחמה האָט ער אין משך פון צוויי יאָר אָן דערפאָלג זיך באַמיט צו עפענען אַ גאַלאַנטעריע־קראָם.

ווי אַ באַזונדערס פּאָזיטיוון שטריך פון טרומאַנען שטרייכט פ. מאַבאַרי אונטער דאָס, אַז דער שלימזלדיקער גאַלאַנטעריע־סוחר האָט געדעקט די חובות, וואָס ער האָט געמאַכט.

דאָס דעקן די חובות איז שטענדיק אַ שיינער טאַט, אָבער דאָ רוקט זיך אונטער איין פראַגע: מיט וואָס פאַר אַ דאָלאַרן וועלן באַצאָלן טרומאַן און זיינע באַלעבאַטים פאַר די ימען קאָרעיש און כינעזיש בלוט, וואָס זיי האָבן פאַרגאָסן?

אין דעם אַרטיקל פון ה. מאַבאַרי לייענען מיר: „זיין פּאָליטישע קאַריערע האָט טרומאַן אָנגעהויבן ווי ריכטער אין דער שטאָט מיסורי. אין דער דאָזיקער שטאָט האָט זיך דער ריכטער נישט איבעריק איבערגעמאַטערט אויפן געביט פון דינען דעם געזעץ. זיין טעטיקייט האָט זיך באַגרענעצט מיטן אויפזיכט אויף די עפנטלעכע אַרבעטן, און טרומאַן איז באַרימט געוואָרן ווי אַ בויער פון גוטע וועגן און קאַנאַליזאַציע־סיסטעמען.

ער האָט זיך נישט איבערגעמאַטערט אויפן געביט פון אויספירן די געזעצלעכקייט און אַוואַנסירט אויף דעם באַקוועמערן פּאָסטן פון בויען וועגן און קאַנאַליזאַציע־סיסטעמען. טרומאַן איז אויך באַרימט געוואָרן דערמיט, וואָס אונטער זיין אָנפירונג איז אין דזשעקסאָן אויסגעבויט געוואָרן אַ לוקסוס־געביידע, וואָס האָט אָפּגעקאָסט צוויי און אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר.

נישט קיין אוניווערסיטעט פאַר די יונגלעך און מיידלעך פון דזשעקסאָן, נישט קיין סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־ליידנדיקע, נישט קיין אָפּרוהויז פאַר אַרבעטער האָט טרומאַן אויפגעבויט. ניין, די פּראַכטפולע געביידע איז אויפגעבויט געוואָרן פאַר אַ געריכט. ס'קאָן זיין אַז איצט, האַנדלענדיק קאָנסעקווענט, וואָלט ער אויך געבויט אַ טורמע, אָבער יעדנפאַלס האָט ער פון דעם אָנהייב פון זיין קאַריערע אויסגעצייכנט געוווסט, מיט וואָס פאַראַ בויונגען ער קאָן צופרידנשטעלן זיינע באַלעבאַטים און וואָס וועלן זיי אַממייניסטן געפעלן.

אריינגעפירט אין סענאַט דורך זיין באָס פּאַנדערגאַסט, אַ מענטש מיט אַ רעפּוטאַציע, וואָס איז ווייט פון זויבערקייט, איילט זיך טרומאַן תיכף צו פאַרזיכערן זיינע וויילער, אַז דער באָס פּאַנדערגאַסט האָט אים קיינמאָל נישט צוגערעדט צו וועלכער ס'איז נישט שיינער האַנדלונג. צי האָט דער אַפערעסט און באַנדיט פּאַנדערגאַסט, וועלכער האָט דעמלט געוועלטיקט איבער דער שטאָט מיסורי, דורכגעפירט טרומאַנען פאַר אַ ריכ־

מער און שפּעטער אין סענאַט בלויז פאַר זיינע שיינע אויגן? צי האָט פאַנ־דערגאַסט אָן שום סיבה פאַרזיכערט: „איך וועל מיין שיק־ייגל מאַכן פאַר אַן אַמעריקאַנער סענאַטאָר, אויב איך וועל נאָר וועלן"?

אַט פאַרוואָס טרומאַן ווערט זיך מיט הענט און פיס קעגן דער באַ־שולדיקונג אין האָבן טונקעלע עסקים מיט פּאַנדערגאַסטן, וועמען ער האָט אײַנדערצמתן אַלץ צו פאַרדאַנקען.

דער אונטערטעניקער זשורנאַליסט פאַרלייקנט זיך ממש פון אַנטצי־קונג, ווען ער שרייבט, אַז טרומאַן האָט ווי אַ מיטגליד פון דער סענאַט־קאָמיסיע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויסצופאָרשן די טעטיקייט פון די מיליטערישע לאַגערן, איינגעבראַכט אַמעריקע מיליאָנען דאָלאַרן, און פון דעמלט אָן איז ער געוואָרן דער קייט־הונט, וואָס שטייט אויף דער וואַך אָפּצוהיטן די אינטערעסן פון די אַמעריקאַנישע שטייער־צאָלער.

„אַ קייט־הונט" — דאָס איז עכט אַמעריקאַניש געזאָגט! טרומאַן איז גיכער געוואָרן אַ לאָקיי פון די שטייער־צאָלער. אָבער וועמענס האָב און גוטס היט־אָפּ דער דאָזיקער לאָקיי? פון די רייכע הערן, וואָס פּלאַצן ממש פון דער געלט־שפע, פון די, וואָס באַשטימען אויף דעם וואָל־סטריט דעם גורל פון אַמעריקע! זייערע אינטערעסן היט אָפּ דער געטרייער לאָקיי, ווייל אָרעמע לייט, ווי באַוווּסט, האָבן נישט קיין לאָקייען.

לאָמיר אפילו מסכים זיין, אַז טרומאַן האָט איינגעבראַכט מיליאָנען דאָלאַרן, אָבער וויפל מיליאַרדן האָט ער אָוועקגעפּטרט אין כינע, באַמיענ־דיק זיך אומזיסט אָפּצוראַטעווען דעם דורכגעפאַלטן און שוין לאַנג עיפּוש־דיקן קאָמינטאַנגישן רעזשים? אַט איבער דער פּראַגע וואָלט זיך באַדאַרפט פאַרטראַכטן דער באַשיידענער אַמעריקאַנער שטייער־צאָלער — דער אַר־בעטער, פאַרמער, באַאַמטער!

צעשריבן זיך אונטערטעניק וועגן דער אויסערלעכקייט פון טרומאַנען, גיט ה. טאַבאַרי אפילו אָן, אַז טרומאַן טראָגט לערנער אַ קראַוואַט, וואָס איז געבונדן אין אַ מושקע.

ס'וואָלט געווען נישט איבעריק צוצוגעבן, אַז צווישן די דייטשע פאַשיסטישע קריגס־פאַרברעכער, וועלכע זענען פאַרמשפּט געוואָרן אויפן נירנבערגער פּראָצעס, זענען געווען אַ סך אַמאַטאָרן פון עלעגאַנטע קראַ־וואַטן. די הויפּט־זאַך ליגט אָבער דערין, אַז זייער פאַרברעכעריש לעבן האָבן זיי פאַרענדיקט נישט אין קיין קראַוואַטן, נאָר אין פּעטליעס אויפן האַלדז.

אין אַמעריקע איז דאָ אַ מנהג, אַז נאָכן אויסוויילן דעם פּרעזידענט, קאָן יעדער בירגער פון די פאַראייניקטע שטאַטן, לויט דער רעקאָמענ־

דאַציע פון אַ סענאַטאָר, קומען אין ווייסן הויז, צו דריקן די האַנט פונעם פּרעזידענט. געוויס האָט אויך טרומאַן אַמאָל, שמייכלענדיק העפלעך, אָנגענומען אַזעלכע האַנט־דרוקן פון זיינע בירגער. אָבער איצט האָט ער דערויף קיין צייט נישט, זיינע ביידע הענט זענען פאַרנומען: מיט איין האַנט דריקט ער צו מיט ליבע פּאָרזיכטיק צום האַרצן אַן אַטאָם־באָמבע און מיט דער צווייטער, וואָס איז באַשמירט מיט בלוט פון קאָרעישן פאָלק, באַמיט ער זיך צו דערשטיקן קאָרעע.

אַזאַ האַנט וועט אַן אַרבעטס־מענטש נישט דריקן שוין צוליב עלעמענטאַרער מענטשלעכער אָרנטלעכקייט, אָדער פּשוט צוליב עקל.

בנוגע ווידער אַזעלכע שטריכן ביי אַ פּערזאָן, וואָס פירט אָן מיט אַ מלוכה, ווי דער מאַנגל אין געניאַלקייט, וואָס דערמיט אַנטציקן זיך אַזוי אַ סך אַמעריקאַנער, וועלכע רימען אין הימל אַריין דעם „גראָען מענטשן”, „דעם גאָלדענעם מיטל־וועג”, אָדער קורץ — די מיטלמעסיקייט — וואָלטן די אַמעריקאַנער נישט באַדאַרפט פאַרגעסן וועגן איין פאַקט: די דייטשן ווען זיי זענען פאַרזונקען אינעם פאַשיזם, זענען נישט ווייניקער געווען אַנטציקט, וואָס דער פירער איז אַ „פּשוטער מענטש” און נישט מער ווי אַ „געוויינלעכער קאַפּראַל”. מיר ווייסן וויפל די מענטשהייט האָט באַצאָלט פאַר דעם הערשן פון דער מיטלמעסיקייט— דעם „פּשוטן דייטשן קאַפּראַל”, וואָס האָט אין זיין טעמפּן שנעון געוואָגט צו טרוימען וועגן הערשן איבער דער וועלט.

די אַמעריקאַנער בורזשואַזע זשורנאַליסטן פאַרזיכערן, אַז טרומאַן איז „פאַר דער גאַנצער וועלט דאָס גרעסטע רעטעניש”. ניין, ער איז עס נישט. אַלע אָרנטלעכע מענטשן האָבן שוין פון לאַנג געלייזט דאָס רעטעניש.

און פאַר די אַרבעטנדיקע פון דער גאַנצער וועלט, דערונטער אויך פון אַמעריקע, וואָלט פיל בעסער און זיכערער געווען, ווען טרומאַן וואָלט זיך נישט געפינען אין ווייסן הויז, נאָר אויף זיין באַבעם פאַרמע. דאָרט וואָלט ער געקאָנט צו דער זעט שאָקלען זיין גענעאַלאָגישן בוים, אָדער פאַרנעמען זיך מיט אַנדערע ענלעכע זאַכן. אין ערגסטן פאַל וואָלט ער זיך געזעסן אין אַ גאַלאַנטעריי־קראָם און געהאַנדלט מיט זאָקן־בענדלעך און דאַמען־קעמלעך — דאָס וואָלט זיכער בעסער געווען.

צום אומגליק הערשט אין דעם מאָמענט אין אַמעריקע, מיטן חסד פון קאַפּיטאַל, די בייזע מיטלמעסיקייט.

די אַמעריקאַנער מיליאַרדערן — די מאָרגאַנס, די פּאָנטס, ראָקפעלערס, מעלאָנס, וואָס זייער רויב־טעטיקייט ווערט דאָס גאַנצע לעבן געהאַלטן אין טיפן שאָטן, וועלכע האָבן מורא פאַרן טאָג־ליכט און פאַרן

ערלעכן בליק פונעם ארבעטנדיקן פאָלק — דאַרפן נישט קיין גרויסן מענטשן, קיין געני, נאָר אַ געהאָרכזאַמען דינער אין ווייסן הויז, וועלכער דאַרף בלויז לויט אַ פּינטל מיט די ברעמען פון זיין באַלעבאָס פאַרשטיין דעם ווילן זיינעם.

אַ געהאָרכזאַמער, אונטערטעניקער דינער פּאַרדינט, פאַרשטייט זיך, מע זאָל אים לויבן, און דעריבער טאַקע רימט די בורזשואַזע פאַרקויפטע פּרעסע טרומאַנען אויף כלערליי אופנים און רייכערט לכבוד אים ביליקן ווייררויך.

טרומאַן צאָלט אָפּ זיינע באַלעבאַטים מיט לאַקייאישע צוגעבונדנקייט: ער וואָלט אוועקגעלייגט צו די פּיס פון זיינע באַלעבאַטים סיי דאָס גרויסע בינע, סיי קאָרעע, סיי וויעטנאַם. ער וואָלט אוועקגעלייגט דעם גאַנצן ערדקיילעך, אָבער די הענט זענען ביי אים צו קורצע, און די פעלקער פון דער וועלט, וואָס קעמפן קעגן דער מלחמה און קעגן אַנווענדן די אַטאָם־באָמבע, וועלן נישט דערלויבן זיי זאָלן ביי אים אויסוואַקסן.

„אַ מוסטערהאַפטער פאָטער פון זיין פאַמיליע" — אַזוי שטעלט פאָר טרומאַנען די בורזשואַזע אַמעריקאַנישע פּרעסע. ווען טרומאַן איז אויסגעוויילט געוואָרן פאַר וויצע־פּרעזידענט, האָבן די פאָטאָגראַפן אים גענבעטן זיך לאָזן פאָטאָגראַפירן ביים מיקראָפאָן. „מאַרגאַרעט, האָט טרומאַן געזאָגט צו זיין טאָכטער — פיר אַריין די מאַמע, מע וועט אונדז נאָכאַמאָל פאָטאָגראַפירן" — וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן, אַן אמתדיקע אידיליע. און אָט איז אַ צווייט בילד, וואָס איז פאַראייביקט געוואָרן אויף דער פאָטאָגראַפישער קלישע: אויף דער קאָרעישער ערד ליגט אַ יונגע מוטער, וואָס איז דערהרגעט געוואָרן פון אַ טרומאַנישער באָמבע — אַ קאָרעאַנערין. זי ליגט אין אַ קאַלוזשע בלוט. אַ פאַריתומט קינד זייגט איר טויטע ברוסט...

מיר דאַכט זיך, אַז „דער דזשענטעלמאַן פון מיסורי", וועט נישט פּרווון צומאַכן די אויגן אויף אַ ווײַלע און זיך פאָרשטעלן, אַז אויף דער ערד ליגט אַ טויטע זיין ווייב, און די קליינע מאַרגאַרעט זייגט איר טויטע ברוסט.... דאָס שטייגט איבער זיינע דענקונגס־פעיקייטן, אַזעלכע געפילן זענען נאָר צוטריטלעך פאַר אַ מענטשן.

טרומאַן — דער העלדישער אָפיצער פון דער אינטענדאַנטור בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, וועט בלויז אַ ברום טאָן: „אויף דער מלחמה, ווי אויף יעדער מלחמה!", אָדער עפּעס ענלעכס. אָבער פּראַזן וועלן קיינעם נישט באַשיצן פאַר דער שווערער פאַראַנטוואָרטלעכקייט. פאַר דער פאַרדינטער שטראָף, זיי וועלן נישט אַפּראַטעווען קיינמאָל און קיינעמען נישט.

די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿאַרן טויט פֿון צענדליקער טויזנטער קרבּ־נות פֿון דער באַוואָפֿנטער אַמעריקאַנער אינטערווענץ אין קאָרעע פֿאַלט נישט נאָר אויף די בּלוטיקע תּלינים פֿון מאַק־אַרטורן און אויף די אַלע, וואָס רעכענען זיך אַפּ אומבּרחמנותדיק, מיט בּעסטיאַלישער, זינלאָזער גרויזאַמקייט מיט דער פֿרידלעכער באַפֿעלקערונג פֿון קאָרעע, נאָר דער עיקר אויפֿן וואָל־סטריט און זיין געטרייען דינער — טרומאַן.

ווהין וועלן זיי אַנטלויפֿן פֿאַרן משפּט פֿון די פֿעלקער? דער משפּט פֿון מענטשלעכן געוויסן און ערע ווייסט נישט פֿון קיין רחמנות.

אין די פּאָליטישע קרייזן פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן דערמאָנט מען, אַז אין אָקטאָבּער 1944 האָט הערסטס פּרעסע פֿאַרעפֿנטלעכט אַ דערקלע־רונג, וואָס איז אָפּגעגעבּן געוואָרן אונטער אַ שבועה, אַז טרומאַן איז גע־ווען אַ מיטגליד פֿון קו־קלוקס־קלען.

איינע אַזאַ דערקלערונג איז אָפּגעגעבּן געוואָרן פֿון לי אַלאַן, אַ דע־מאָקראַט, וואָס וווינט אין שטאַט מיסורי. לי אַלאַן האָט פֿאַרנומען פֿאַר־שידענע מלוכה־אַמטן. אין דער דערקלערונג לייענען מיר: „אין דעם יאָר 1922—1923 בּין איך געווען איינער פֿון די „ציקלאָפּן" פֿון דעם קו־קלוקס־קלען אין אינדעפּענדעס אין שטאַט מיסורי, און אַזוי ווי שטייענדיק אין דער שפּיץ פֿון דער גרופּע, האָבּ איך געקענט די מערהייט מיטגלידער, גיבּ איך אָפּ אַ פֿייערלעכע שבועה, אַז אין יאָר 1922 האָט האַרי טרומאַן דערלאַנגט אַ בּיטע וועגן צונעמען אים פֿאַר אַ מיטגליד פֿון דער קו-קלוקס־קלען גרופּע אינעם שטאַט מיסורי".

אַ געוויסער גאַדאַרד, וועלכער האָט אין משך פֿון 18 יאָר געוווינט אין שכנות מיט טרומאַנס מוטער, האָט אָפּגעגעבּן פֿאָלגנדיקע דערקלערונג: „איך גאַדאַרד, אַ מיטגליד פֿון דער קו־קלוקס־קלען־גרופּע אין מיסורי, בּין צום סוף פֿון 1922 יאָר בּייגעווען אויף אַ פֿאַרזאַמלונג אין גראַנדאַלס פּאַשיר, צו וועלכער ס'ווערן צוגעלאָזט בּלויז מיטגלידער פֿון קו־קלוקס־קלען. אויף דער דאָזיקער פֿאַרזאַמלונג זענען בּייגעווען מיטגלידער פֿון די ראַיאָנען פֿון מיסורי, און איינער פֿון די הויפּט־רעדנער איז געווען האַרי טרומאַן.

ווי עס האָט אינפֿאָרמירט דער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער „יונייטעד־פּרעס" פֿון קאַנזאַס סיטי, האָט דעם 26 אָקטאָבּער 1944 יאָר פֿאַרזיכערט דער פּראָפֿעסאָר פֿון אַרטיקן אוניווערזיטעט בּרוס טרימבּל, אַז ער האָט 20 שריפֿטלעכע דערקלערונגען, וואָס בּאַשטעטיקן, אַז טרומאַן איז אַ מיט־גליד פֿונעם קו־קלוקס־קלען און אַז ער איז אַרויסגעטרעטן מיט אַ רעדע אויף דער פֿאַרזאַמלונג אין גראַנדאַלס־פּאַשיר.

גיט נאָר אַ קוק אויף אים, גיט אַ קוק אויף דעם אַמעריקאַנער פאַשיסט אין ווייסן כאַלאַט מיט אַ קאַפּישאָן. אַ מענטש וואָס קאָן לינטשן אַ נעגער, וועט מיט דער זעלבער גרינגקייט דערהרגענען אויך אייך.

ער באַהאַלט די אויגן, אויסשניידנדיק אין דעם קאַפּישאָן בלויז שמאָלע שפּעלטלעך, אָבער זיינע אויגן זענען פּונקט אַזוי אומפאַרשעמט ווי די אויגן פון היטלער, גערינג, הימלער.

דער דאָזיקער מענטש, וואָס איז די פאַרקערפּערונג פון מענטשלעכער געמיינקייט פון אַלע צייטן, דער דאָזיקער נידערטרעכטיקער צבֿועק פון ווייסן הויז האָט נאָך קיין איינע פון זיינע עפנטלעכע אַרויסטרעטונגען נישט אָנגעהויבן און נישט פאַרענדיקט, ער זאָל נישט דערמאָנען דעם נאָמען פון גאָט, ספּעקולירנדיק אומפאַרשעמט אויף די רעליגיעזע געפילן פונעם פּשוטן מענטשן פון אַמעריקע. מיט אומדערהערטער אומפאַרשעמטקייט אַפּישירט ער זיך מיט זיין „פרומקייט" און פאַרעפנטלעכט גערן אין דער פּרעסע, אַז יעדן טאָג און אין אָוונט פאַרברענגט ער אַ צייט אין איינזאַמקייט, בעטנדיק גאָט אויף שלום פאַר דער גאַנצער וועלט. ווי קלוג ער האָט זיך איינגעשטעלט זיין אַרבעטס־צייט: אַ שעה אויף צבֿועתדיקער תּפילה, און צען אויף צוגרייטן די נייע מלחמה, אויף צוגרייטן די אָרדנטלעכע אַגרעסיע־פּלענער, אויף אונטערשרייבן באַפעלן אַרויסצושיקן קיין קאָרעע צוגאָב־רעזערוון...

צו וואָס רופן טרומאַן און זיינע באַלעבאַטים, די אונטערצינדער פון אַ נייער וועלט־מלחמה? דאָס פאַשיסטישע בלעטל „וואַשינגטאָן טיימס העראַלד" שרייבט אָפן: „מע דאַרף אויסהרגענען די ציוויל־באַפעלקערונג, מענער, פרויען, קינדער, אונטערצינדן און אַוועקלאָזן מיטן פייער גאַנצע שטעט... כּדי צו פאַרניכטן דאָס פיינטלעכע פאָלק, דאַרף מען וואַרפן באָמבעס אַזוי, אַז מע זאָל אָן רחמנות פאַרטיליקן מענער, פרויען, קינדער... אונטערצינדן זייערע הייזער, צעשטערן פאַבריקן און פאַרסמען דאָס וואַסער, פאַרברענען די תּבֿואה און פאַרוואַנדלען די ערד אין אַ טויטן מדבר..."

מיט אַ „פאָטערלעכן" שמייכל קוקן טרומאַן און די וואָס שטייען אונטער זיינע פּלייצעס, אויף די שלאַנגען, וואָס זיי האָבן אויסגעהאָדעוועט. דאָס זענען פאַרסמטע שלאַנגען־צונגען, אָבער די מעכטיקע האַנט פונעם אַרבעטס־מענטש וועט אימשטאַנד זיין אַרויסצורייסן די צונג צוזאַמען מיטן קאָפּ. נישט אויף מערב טאָגט דער פרימאָרגן, נישט אויפן מערב גייט אויף די לעבנס־ברענגענדיקע זון. די מענטשהייט וועט קיינמאָל נישט מסכּים זיין זיך צו פאַרדינגען דעם קאַפּיטאַל.

זאָלן די אַמעריקאַנישע מאַלבורגס אין גענעראַלסקע שליפעס, וועלכע האָבן נאָך נישט פאַרזוכט דעם טעם פון אמתע קלעפּ, אַרומקריכן לויט:

מוסטער פון היטלערן ארום דעם גלאָבוס. זאָל דער קורצזיכטיקער „גאַנס־פאַרכטיקער" איינוווינער פון ווייסן הויז היסטעריש זיך ארומטראָגן מיט דער אטאָם־באָמבע, ווי א נאַר מיט א געבלימלטער טאָרבע. זאָלן די קאַרפּן־קעפּ פון דער אַמעריקאַנישער מלחמה־אינדוסטריע זיך רייבן די הענט אין דערוואַרטונג אויף די צוקונפטיקע רווחים.

די פאַרקויפטע אַמעריקאַנישע פרעסע און ראַדיאָ באַשמוצן מיט אַלע כוחות און מיטלען דאָס סאָוויעטישע פאָלק און זיין קאָמוניסטישע פּאַרטיי.

זייערע קלעפּ דערגרייכן אונדז נישט!

עס באַשיצן אונדז די אומשטערבלעכע אידעען פון קאָמוניזם און די גערעכטיקייט פון אונדזער זאַך. און אַלע ערלעכע מענטשן פון ביידע האַלב־קוילן זענען מיט אונדז.

די הענט, וואָס קאָנען צערטלעך לאַשטשען א קינד, די הענט, וואָס האַקן אוים קוילן, פירן לאָקאָמאָטיוון, בויען הייזער און פאַבריקן, אַקערן די ערד און היטן די פאַבריקן — זיי שטימען פאַרן שלום! די צאַרטע הענט פון מענטשן, וואָס אונטער זייערע פינגער פליסט מוזיק, און די הענט וואָס היילן מענטשלעכע ליידן — שטימען קעגן מלחמה. קלוגע הענט, וואָס קאָנען שאַפן די גרעסטע ווערטן פון מענטשלעכער ארבעט, שטימען קעגן מלחמה, פאַר דער ליכטיקער צוקונפט פון די, וואָס ארבעטן ערלעך אויף זייער ברויט.

דאָס גרויסע סאָוויעטישע פאָלק האָט ארויסגעגעבן גרויסע פירער פון דער ארבעטנדיקער מענטשהייט. דעם געני פון לענינען און סטאַלינען האָבן מיר צו פאַרדאַנקען דאָס אַנטשטיין פון דער העלדישער, באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און סאָוויעטישער מאַכט. דעם געני פון סטאַלינען האָט די וועלט צו פאַרדאַנקען דאָס אָפּראַטעווען די ציוויליזאַציע, דאָס אָפּראַטעווען די ארבעטנדיקע מענטשהייט פון דעם פאַשיסטישן יאָך, האָט צו פאַרדאַנקען איר צוקונפט. מיט אַן אָדלער־בליק זעט אונדזער פירער די צוקונפט. דאָס איז ער דער פאָנענטרעגער פונעם קאַמף פאַר שלום. בעת די געדונגענע קנעכט פון קאַפּיטאַל ליאַרעמען וועגן דער נייער וועלט־מלחמה, טראָגט סטאַלין אַריין זיין גרויסן צושטייער אין דעם וויסנשאַפט־לעכן אוצר, ער שאַפט א ווערק וועגן שפּראַך־וויסנשאַפט.

אין דער צייט, ווען מענטשן מיט שוואַכע נערוון, אָדער מענטשן, וואָס ווילן רייך ווערן פון דער דריטער וועלט־מלחמה, רעדן וועגן דער נייער שרעקלעכער בלוט־באָד, פּלאַנצט דאָס סאָוויעטישע פאָלק, באַגייס־טערט פון סטאַלינס געני, וועלדער, בויט מעכטיקע וואַסער־עלעקטראָ־סטאַנציעס און קאַנאַלן, באַוואַסערט ריזיקע ערד־שטחים, טוט אַלץ, אַז דאָס מענטשלעכע לעבן זאָל ווערן שענער און ליכטיקער.

אין דאָזיקן גיגאַנטישן פֿאַרנעם פֿון שעפֿערישער אַרבעט זעט די גאַנצע פֿאַרגעשריטענע מענטשהייט אַ נייעם פּראַכטפֿולן אויסדרוק פֿון דער מעכטיקייט פֿון דער סאָוויעטישער מלחמה און דער קאָנסעקווענטער שלום־פּאָליטיק פֿון דער סאָוויעטישער רעגירונג.

צו סטאַלינען ציען זיך מיט ליבע און גלויבן מיליאָנען האָרעפּאַשנעענט פֿון אומעטום, און הונדערטער מיליאָנע מיילער רופֿן:

ליבער פֿירער און לערער! פֿיר אונדז צו דער ליכטיקער האָפֿענונג פֿון דער וועלט, צום קאָמוניזם. פֿיר אונדז צו אַ נייער ערע אין דער געשיכטע, אין וועלכער ס'וועט נישט זיין קיין אָרט פֿאַר נידערטרעכטיקער עקספּלאָאַטאַציע פֿון איין מענטשן דורכן צווייטן און נישט פֿאַר קיין צעשטערערישע מלחמות, וואָס בלוטיקן אויס די פֿאַרפּייניקטע מענטשהייט.

מיר זענען תמיד מיט דיר, ליבער סטאַלין!

# אינהאַלט: